# ה. כ. אנדערסען



אוקרמעלוכנאצמינדפארלאג

שול־ביבליאָטעק

ה. כ. אנדערסען

# מײַסעלעך

ייִדיש — אי. קיפּניס







אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג
קיִעוו — 1940

Printed in Soviet Union



# דאָס שטאַנדהאַפטיקע צינערנע סאָלדאַטעלע



עווען זײַנען אַמאָל פינף און צוואַנציק צינערנע סאָל־דאַטעלעך. די פינף און צוואַנציק סאָלדאַטעלעך זײַנען געווען אייגענע ברידער, וואָרעם איין מאַמע האָט זיי אַלעמען געהאַט — דאָס איז געווען די אַלטע צינערנע לעפל.

שיין זײַנען געווען די סאָלדאַטעלעך, ווי גאָלד: יע־דערער מיט אַ ביקס אויפן אַקסל, די ברוסט — אויסגעבויגן, און דער מונדיר געפּוצט אין רויט און אין בלוי, אַז ס'איז אַ פאַרגעניגן צו קוקן.

אַלע פינף און צוואַנציק סאָלדאַטעלעך זײַנען געלעגן אין אַ קאַרטאָ־נענעם שאַכטל. דאָרט איז, דעם עמעס געזאָגט, געווען אַ פינצטער, אַ ענג. אָבער איינמאָל האָט זיך דאָס דעקל אָנגעהויבן גערירט, און ס'האָט זיך דערהערט אַ פריילעכער אויסגעשריי:

— אוי, צינערנע סאָלדאַטעלעך!

געשריגן האָט זיך מיט אַזאַ מין פרייד אַ קליינינק ייִנגעלע. ער האָט אַזש גענומען פּליעסקען מיט די הענט. דאָס האָט מען אים די דאָזיקע סאָלדאַטעלעך געשענקט צו זײַן געבורטס־טאָג.

דאָס ייִנגעלע האָט גלײַך גענומען אויסשטעלן אויפן טיש די צינערנע סאָלדאַטעלעך, און דאָ האָט ער דערזען, אַז פיר און צוואַנציק סאָלדאַ־טעלעך זײַנען אײנגאַנצן ענלעך איינס אויפן צווייטן, און נאָר דאָס פינפ־

און־צוואנציקסטע סאָלדאטעלע אונטערשיידט זיכ עטוואָס פונ די אי־
בעריקע. ער פארמאָגט מער ניט ווי איינ פוס. מע האָט אימ, קענטיק,
אויסגעגאָסנ צומ לעצטנ, אונ פארנ צווייטנ פוס האָט שוינ מער קיינ צינ
ניט געקלעקט. אָבער סע מאכט ניט אויס, אפנ איינעמ פוס איז ער גע־
שטאנענ פונקט אזוי פעסט, ווי די איבעריקע אפ זייערע צוויי. אונ גראדע
מיט אָט דעמ איינפיסיקנ סאָלדאטעלע האָט זיכ געטראָפנ א מערקוויר־
דיקע געשיכטע. אָט הערט אויסנ.

אפ דעמ זעלבנ טיש, ווו דאָס יאטל האָט אויסגעשטעלט זײַנע צי־
נערנע סאָלדאטעלעכ, זײַנענ געווענ נאָכ אסאכ פארשיידענע שפילעכלעכ.
אָבער מער פונ אלצ האָט זיכ געוואָרפנ אינ די אויגנ דער וווּנדערלעכ־
שיינער קארטאָנענער פאלאצ. דורכ זײַנע פענצטער האָט מענ געקאָנט
זענ, וואָס עס טוט זיכ אינ די צימערנ. פארנ סאמע פאלאצ איז מיטנ פאָ־
נעמ ארופ געלעגנ א שפיגעלע, וואָס האָט אויסגעזענ, ווי אנ־עמעסע
אָזערע. ארומ דער דאָזיקער אָזערע זײַנענ אפ הילצערנע שטעלעכלעכ
געשטאנענ צעשטעלט קליינע גרינע ביימער. איבער דער אָזערע זײַנענ
אומגעשווומענ שוואנענ, געמאכט פונ וואקס. זיי האָבנ אויסגעבויגנ זייע־
רע לאנגע העלדזער אונ זיכ געשפיגלט אינ דער לויטערער טיפ. דאָס
אלצ איז געווענ זייער אונ זייער ליב, נאָר ליבער פונ אלצ איז געווענ
די יונגפרוי, וואָס איז געשטאנענ אפנ שוועל פונ דער ברייט־צעעפנטער
פאלאצ־טיר. די דאָזיקע יונגפרוי איז געווענ אויסגעשניטנ פונ קארטאָנ;
געטראָגנ האָט זי אפ זיכ א קליידעלע פונעמ סאמע איידלסטנ מוסלינ,
איבערנ אקסל איז בא איר געווענ אריבערגעוואָרפנ א העל־בלויער שארפ,
אונ אפ דער ברוסט האָט זי געטראָגנ א גלאנציק פליטערל, וואָס איז די
גרייס קימאט ווי דאָס גאנצע פּאָנעמ אירס. די דאָזיקע שיינהייט איז גע־
שטאנענ אפ איינ פוס, ביידע הענט אויסגעצויגנ אפ פאָרויס — זי איז גע־
ווענ א טענצערנ. דעמ צווייטנ פוס האָט אונדזער טענצערנ אופגעהויבנ
אזוי הויכ, אז דאָס צינערנ סאָלדאטל האָט אימ אינגאנצנ ניט געזענ, אונ
ער האָט גאָר געמיינט, אז בא דער יונגפרוי פעלט אויכ איינ פוס, פונקט
אזויווי בא אימ.

„קיינ בעסער ווײַב וואָלט איכ זיכ גאָר אליינ ניט געוווּנטשנ! — האָט
דאָס צינערנע סאָלדאטעלע א קלער געטאָנ צו זיכ אליינ. — איכ האָב נאָר
מוירע, צי קומט זי ניט ארויס פונ זייער א געהויבענער פאמיליע. עפּעס
א קליינ־קײַט וווינענ אינ אזא מינ פאלאצ! אונ איכ, וויאזוי קאָנ איכ זיכ

צו איר גלײַכן, אַז איך װױן אין אַ פּאָשעט שאַכטל, און נאָך ניט אַלײן: מיר זײַנען דאָ פֿינף און צװאַנציק מאַן. נײן, פֿאַר איר איז עס ניט קײן זאַך! איך מײן נאָר, אַז סע װאָלט עפּשער גאָר ניט געשאַדט, איך זאָל מיט איר זיך כאָטש פּרוּװן באַקענען״.

און דאָס סאָלדאַטעלע האָט זיך פֿאַרטײַעט פֿון יענער זײַט טאַבעק־פּושקעלע, װאָס איז געשטאַנען באַנאַנד טאַקע דאָ אױפֿן טיש. פֿונדאַנען האָט ער גרינג און אומגעשטערט געקאָנט קוקן אױף דער פּרעכטיקער טענצערן.

שפּעט אין אָװנט האָט מען אַלע צינערנע סאָלדאַטעלעך אַרײַנגעלײגט צוריק אין שאַכטל אַרײַן. אַלע, אױסער דעם, װאָס מיטן אײנעם פֿיסל, װײַל מע האָט אים ניט געקאָנט געפֿינען. דערנאָך זײַנען זיך די שטוב־לײַט אַװעק שלאָפֿן. ערשט איצט, װען אין שטוב איז געװאָרן אַ טױטע שטילקײַט, האָבן די שפּילעכלעך גענומען פֿאַרפֿירן צװישן זיך אַלערלײ שפּילן. זײ זײַנען געגאַנגען קלױמערשט אין געסט אײנס צום צװײטן. די דאָזיקע שפּיל הײסט „סקאָצל קומט״; זײ האָבן געשפּילט אין מילכאָ־מעס, און, ענדלעך, אַפֿילו אײַנגעאָרדנט אַ גרױסן באַל. די צינערנע סאָלדאַטעלעך, דאָרט אין שאַכטל, האָבן זיך אױך אַ רודער געטאָן. זײ האָבן געװאָלט אַרױס אױף דער פֿרײַ און אָנטײל נעמען אין דער שפּיל, האָבן זײ אָבער ניט געקאָנט אױפֿהײבן דאָס קאַרטאָנענע דעקל.

װאָס דאַרף מען מער, אַפֿילו דאָס קנאַק־ניסל האָט זיך גענומען פֿרײ־לעך מאַכן, און דער גריפֿעל איז אַװעק אַ טאַנץ איבערן שװאַרצן טאָװל. מע האָט זיך אַזױ צעהוליעט, אַז אַפֿילו דאָס קאַנאַריקל האָט זיך אױפֿ־געכאַפּט בײַ זיך אין שטײַגל און גענומען רײדן צו זיך אַלײן און דאַפֿקע ניט אַנדערש װי נאָר אין פֿערזן.

בלױז דער אײנפֿיסיקער סאָלדאַט און די טענצערן זײַנען געשטאַנען און זיך ניט גערירט פֿון זײַערע ערטער. זי איז זיך, װי פֿריִער, געשטאַ־נען אױף אײן פֿוס, די הענט אױסגעצױגן אױף פֿאָרױס, און ער איז געשטאַ־נען פֿאַרגליװערט מיט דער ביקס אין די הענט, פּונקט װי אַ װאַכמאַן אױף זײַן פּאָסטן, און האָט די גאַנצע צײַט פֿון איר קײן אױג ניט אַראָפּ־גענומען.

דאָ האָט דער זײגער גענומען שלאָגן צװעלף. ס׳האָט זיך פּלוצעם דערהערט אַ קנאַק, און דאָס טאַבעק־פּושקעלע האָט זיך צעעפֿנט.

אין דעם־אָ טאַבעק־פּושקעלע איז, װי עס װײַזט אױס, קײנמאָל קײן טאַבעקע

ניט געלעגן. פונדאָרטן איז גאָר ארויסגעשפּרונגען א קליין שוואַרץ רו־כעלע — דאָס איז געווען אזא מין קונץ־שטיק — און זיך צום אלעם ערשטן גענומען ארומקוקן ארום זיך.

— היי, דו, צינערן סאָלדאַטעלע! — האָט דאָס רוכעלע מיטאמאָל אויס־געשריגן. — וואָס האלטסטו זיך אין איין אײַנקוקן אין דער טענצערן? קוק בעסער אָפּ זיך.

אָבער דאָס צינערנע סאָלדאַטעלע האָט זיך געמאכט ניט־הערנדיק, גלײַך ווי ניט אים מיינט מען.

— אהא, אויב אזוי, — מאכט דאָס רוכעלע, — טאָ וואַרט שוין צו ביז טאָג.

אַז ס׳איז געוואָרן טאָג און די קינדער האָבן זיך אופגעכאַפּט, האָבן זיי דערזען דאָס צינערנע סאָלדאַטעלע לעם דעם טאַבעק־פּושקעלע און עס אוועקגעשטעלט אַפן פענצטער.

פלוצעם האָט זיך דאָס פענצטער פאנאנדערגעפּראַלט — מעגלעך, אַז דאָס איז געווען דעם רוכעלעס שפּיצל, און עפּשער האָט דאָס פענצטער זיך פּאַשעט צעעפנט פונעם צוגווינט — ווער ווייסט? נאָר דעם איינפּיסיקן סאָלדאַטעלע האָט עס א טראָג געטאָן פון אָרט, עס האָט זיך איבערגע־קערט און גענומען פליִען פונעם דריטן שטאָק גלײַך מיטן קאָפּ אראָפּ! אוי, ס׳ארא מין שרעקלעכע רײַזע דאָס איז געווען! איין רעגע איז נאָר אדורך, און דאָס סאָלדאַטעלע שטעקט שוין מיטן איינציקן פוס ארוף, דעם באַגנעט און דעם קאָפּ אײַנגעגראָבן צווישן די ברוק־שטיינער.

דאָס ייִנגעלע און דאָס שטוב־מיידל זײַנען דאַפקע ארויסגעלאָפן אין גאַס זוכן דאָס סאָלדאַטעלע, אָבער, ווי אַפּצולאָכעס, האָבן זיי עס ניט געקאָנט געפינען. איינמאָל האָבן זיי אפילו שיר ניט אָנגע־טראָטן אַפן סאָלדאַטעלע גופע, און דאָך האָבן זיי עס ניט באַמערקט.

ווען דאָס סאָלדאַטעלע טוט נאָר איין פּיפּס: „אָט בין איך!" וואָלטן זיי עס, פאַרשטייט זיך, גלײַך געפונען. אָבער ס׳איז אים ניט אָנגעשטאַנען צו שרײַען אינמיטן גאַס — ער איז דאָך עפּעס פאָרט א סאָלדאַט און גייט אין א מונדיר.

דערווײַל האָט אָנגעהויבן גיין א רעגן, טאַקע אַן עמעסער מאַבל. ריטשקעס האָבן גענומען יאָגן איבער די גאַסן. און ווי דער רעגן האָט נאָר אופגעהערט, זײַנען פונקט צו דעם אָרט, ווו ס׳האָט געשטעקט דאָס סאָלדאַטעלע, אָנגעלאָפן צוויי גאַסן־ייִנגלעך.

— אָהאָ! — האָט זיך איינער פון זיי אָנגערופן, — זע נאָר, א צינערן

סאָלדאַטעלע! לאָמיר אים אוועקזעצן אפּ א שיפּ, און זאָל ער שווימען.

און זיי האָבן ביידע געמאכט פון אן אלטער צייטונג א שיפעלע, אריינגעזעצט אהין דאָס צינערנע סאָלדאַטעלע און אראָפּגעלאָזט אין ריטשקע אריין. דאָס שיפעלע שווימט, און די יאטן לויפן נאָך און פליעסקען פאר פרייד.

א פלינקער שטראָם האָט געגעבן א כאַפּ דאָס שיפעלע און עס גענומען טראָגן. די וואסער רוישט און ברויזט. וויאזוי זאָל זי טאקע ניט רוישן נאָך אזא מין גאָס־רעגן!

דאָס צינערנע סאָלדאַטעלע האָט געכאַפּט דעם עמעסן ציטער, אָבער דאָך האָט עס זיך באמיט האלטן פעסט, ווי עס פאסט פאר א עמעסן סאָלדאַט: די ביקס אפן אקסל, דעם קאָפּ אינדערהייך און די ברוסט פאָרויס!

נאָר פלוצעם איז דאָס שיפעלע ארונטער אונטער א ברייטן, זייער ברייטן בריק: עס איז מיטאמאָל געוואָרן אזוי פינצטער, פונקט ווי דאָס סאָלדאַטעלע וואָלט געטראָפן צוריק אינעם קארטאָנענעם שאכטל אריין.

„וווהין טראָגט דאָס מיך אזוי?—האָט דאָס סאָלדאַטעלע א קלער געטאָן.—דאָס רוכעלע פונעם טאבעק־פושקעלע, איך האָב מוירע, אויב ס'ניט זיינע ארבעט. אכ. ווען מיט מיר כּאנאנד זאָל דאָ זיצן מיין שיינהייט—די טענצערן, וואָלט דאָך מיר גאָרניט אָפּגעגאנגען, סע זאָל אפילע זיין צוואנציק מאָל פינצטערער, ווי ס'איז!"

אין די רייד שפרינגט דערוויַיל ארויס פון אונטערן בריק א וואסער־שטשור.

— ווער קריכט עס אהער,—האָט דער שטשור מיטאמאָל אויסגעשריגן.—הער נאָר אויס, א פאס האָסטו? וויַיז נאָר גיכער אהער דיין פאס!

אָבער דאָס צינערנע סאָלדאַטעלע האָט געשוויגן. עס האָט נאָר פעסט געדריקט צו זיך די ביקס. דאָס שיפל האָט געהאלטן אין איין שווימען אלץ וויַיטער און וויַיטער. און דער שטשור לאָזט עס ניט אָפּ. ער האלט זיך אין איין יאָגן נאָכן שיפל. ער האָט ביין געקנאקט מיט די ציין און ניט אופגעהערט שרײַען צו די שטרויעלעך מיט די שפענדלעך, וואָס זיַינען געשווומען פארביי:

— האלט אים! כאפט אים! ער האָט ניט אריַינגעטראָגן קיין אָפּצאָל! ער האָט ניט באַוויזן קיין פאס!

אָבער דאָ האָט זיך דאָס שיפל אוועקגעטראָגן נאָך פלינקער, און דאָס צינערנע סאָלדאַטעלע האָט ענדלעך דערזען פאר זיך די שיין פונעם

טאָג, ווײַל דער בריק האָט זיך געענדיקט. אין דער זעלבער רעגע האָט זיך אָבער דערהערט אזא שרעקלעכער גערויש, אז אפילע דער גרעסטער גיבער וואָלט זיך געמוזט דערשרעקן. עפעס א קלײניקײט: באלד נאָכן בריקל איז דאָס ריווטשאקל ארײַנגעפאלן אין א גרויסן רוישיקן קאנאל ארײַן. איבער אזעלכע כוואליעס איז אומעגלעך זיך שיפן אין אזא מין שיפל, פונקט ווי עס וואָלט געווען אומעגלעך פאר אונדז ארײַנצופאָרן מיט א געוויינלעך שיפל אין א גרויסן וואסערפאל ארײַן.

אָבער זיך אָפּשטעלן איז שוין אויך געווען אומעגלעך. דאָס שיפל מיטן צינערנעם סאָלדאטעלע האָט עס א טראָג געטאָן אינעם גרויסן קאנאל ארײַן. עמעס, דאָס סאָלדאטעלע האָט זיך אויך איצט געהאלטן פעסט און אפילע מיט קיין אויג ניט קיין פינטל געטאָן. דאָס שיפעלע האָט זיך אָבער גענומען דרייען אפ איין אָרט. פארכלינען מיט וואסער, און איינגיכן איז עס געוואָרן פול, ווי אַן אויג. אָט שטייט שוין דאָס סאָלדאטעלע ביזן בויך אין וואסער, און אָטאָ ביזן האלדז. און ענדלעך האָט די וואסער אים שוין צוגעדעקט איבערן קאָפּ. דאָ האָט ער מיט גרויס בענקשאפט זיך דערמאנט אין דער ליבער יונגפרוי. פארפאלן, ער וועט שוין מער קיינ־מאָל און קיינמאָל ניט זען זײַן שיינע טענצערין! און אין דער לעצטער רעגע זײַנען בא אים דורכגעפלויגן אין געדאנק די ווערטער פונעם סאָלדאטישן לידל:

קריגסמאן, צו דעם טויט פאָרויס!<br>
יאָ, יאָ, די קויכעס גייען אויס.

און ער איז שוין גרייט געווען מיט ווירדע זיך אראָפּלאָזן צום גרונט.

אָבער גאָר אומגעריכט האָט שוין א צווייטער אומגליק אים געלאָ־קערט: א גרויסער פיש איז צוגעשווומען און האָט אין איין אויגנבליק אײַנגעשלונגען דאָס צינערנע סאָלדאטעלע אינגאנצן, ווי גרויס עס איז.

אָך, ווי ס'איז פינצטער באם פיש אין בויך און ווי ענג ס'איז דאָרטן! אסאך פינצטערער, ווי אונטערן בריק, און אסאך ענגער, ווי אינעם קאר־טאָנענעם שאכטל! אָבער דאָס צינערנע סאָלדאטעלע האָט אויך דאָ זיך געהאלטן מוטיק. עס האָט זיך אויסגעצויגן, ווי גרויס עס איז, און האָט נאָך פעסטער צוגעדריקט די ביקס.

אָפּגעלעגן איז עס אזוי גאנץ היפּשלעך. פלוצעם האָט זיך דער פיש גענומען וואַרפן אין אלע זײַטן. אָט שפרינגט ער אונטער, אָט טוט ער

זיך א דריי, א ריס און א טוק אונטער, ביז ער איז ענדלעך מיטאמאָל שטיל געבליבן, פונקט ווי געפּלעפּט.

ס׳איז ווײַטער דורכגעגאַנגען א היפּש ביסל צײַט. פאַר לאַנגווײַלי־קײַט איז דאָס סאָלדאַטעלע גאָר אַנדערעמלט געוואָרן. אָבער עס האָט זיך גלײַך אופגעכאַפּט ניט טויט, ניט לעבעדיק. א שאַרפער מעסער האָט איבער דעם א בליץ געטאָן. ס׳איז מיטאמאָל געוואָרן ליכטיק, און עמעצער האָט הויך אפ א קאָל אויסגעשריגן: „אוי, דאָס צינערנע סאָלדאַ־טעלע!״

לאָזט זיך אויס, אז דעם פיש האָט מען געכאַפּט, געבראַכט אפן מאַרק פאַרקויפן, און פון מאַרק האָט ער זיך געפּאַקט אהער אפ דער קיך. און אז די קעכן האָט מיטן גרויסן קיך־מעסער אופגעשניטן באַם פיש דעם בויך, האָט זי פּלוצעם דערזען דאָס צינערנע סאָלדאַטעלע. זי האָט אָנגענומען מיט צוויי פינגער דאָס סאָלדאַטעלע בא די זײַטן און עס אוועקגעטראָגן אין צימער אַרײַן. דאָס גאַנצע שטוב־געזינד איז זיך צו־נויפגעלאָפן אָנקוקן דעם וווּנדערלעכן רײַזנדער, וואָס האָט זיך פאַרגינט אומרײַזן אינעם פישס מאָגן. מע האָט אוועקגעשטעלט דאָס סאָלדאַטעלע אפן טיש, און פּלוצעם — אָ, וואָס פאַר א וווּנדער סע קענען אפ דער וועלט געשען! — דאָס סאָלדאַטעלע האָט דערזען פאַר זיך דעם זעלבן צימער, דאָס זעלבע ייִנגעלע, אפילע דאָס זעלביקע פענצטער, פונוואַנען ער איז ערשט ניט לאַנג אַרויסגעשפּרונגען. אַרום אים זײַנען געשטאַנען פּונקט די זעלבע שפּילעכלעך, און צווישן זיי האָט זיך שטאָלץ אויסגע־טײלט דער וווּנדערלעכער קאַרטאָנענער פּאַלאַץ מיט דער שיינער טענ־צערן באַם סאַמע שוועל. זי איז אויך איצט, פּונקט ווי דעמלט, געשטאַנען אפ איין פוס, דעם צווייטן האָט זי געהאַלטן פאַרהויבן אינדערהייך, וואָ־רעם זי איז אויך געווען ניט ווינציק שטאַנדהאַפטיק!

דאָס צינערנע סאָלדאַטעלע איז געוואָרן אַזוי גערירט, אז ס׳האָבן זיך אים שיר־שיר ניט געשטעלט קיין צינערנע טרערן אין די אויגן. אָבער ער האָט זיך גלײַך דערמאַנט, אז פאַר קיין סאָלדאַט פּאַסט ניט צו טון אַזעלכע זאַכן. דערום האָט ער אפילע קיין פינטל געטאָן מיט קיין אויג און נאָר געהאַלטן אין איין קוקן אפ דער טענצערן; זי אפ אים קוקט אויך, נאָר ביידע האַלטן זיך שטיל, זיי רעדן ניט אויס צווישן זיך קיין וואָרט.

פּלוצעם האָט עמעצער פון די קינדער א כאַפּ געטאָן דאָס צינערנע

סאָלדאטעלע אונ אָנ איבעריקע רייִד עס א שלייַדער געטאָנ גליַיכ אינ אויוונ אריַינ. געוויס האָט אימ דאָס בייזע רוכעלע, וואָס אינעמ טאבעק־פושקעלע, אָנגערעדט ז׳ערופ.

אינ אויוונ האָט העל געפלאקערט דאָס האָלצ, אונ דעמ ציַנערנעמ סאָלדאטעלע איז געוואָרנ גוואלדיק הייס, וויַיזט אויס, אז פונעמ פיַיער אונ עפשער גאָר פונ זיַינ ליבע — ער ווייסט עס ניט אקוראט. די פארב איז פונ אימ אראָפ, אונ ער איז געוואָרנ אָפגעקראָכנ. קאָנ זיַינ, אז סע איז פאר צאָרעס, אונ עפשער דערפאר, וואָס ער איז געלעגנ א שטיקל ציַיט אי אינ דער נעצ, אי בא דעמ פיש אינ מאָגנ.

נאָר אויכ דאָ האָט ער זיכ געהאלטנ גליַיכ. ער האָט געדריקט פעסט דאָס געווער אינ דער האנט, קיינ אויג ניט אראָפגענומענ פונ דער שיי־נער טענצערנ, אונ די טענצערנ האָט אויכ געקוקט צו אימ. אונ מיטאמאָל האָט דאָס סאָלדאטעלע דערפילט, אז ס׳ווערט צעשמאָלצנ.

נאָר פונקט אינ אָט דעמ אויגנבליק האָט זיכ צעפראלט די טיר, וואָס פירט פונ צימער, א צוגווינט האָט געגעבנ א כאַפ אונטער די פרעכטיקע טענצערנ, אונ זי האָט א שוועב געטאָנ, ווי א באבעלע, גליַיכ אינ אויוונ אריַינ צומ ציַנערנעמ סאָלדאטעלע. דער פלאמ האָט זי אויכ געגעבנ א כאַפ ארומ. איינ רעגע, אונ אויס. דאָ איז שוינ דאָס ציַנערנע סאָלדאטעלע אינגאנצנ צעשמאָלצנ געוואָרנ.

ערשט אפ מאָרגנ האָט די קעכנ גענומענ ארויסשארנ דעמ אש פונעמ אויוונ אונ דאָרטנ געפונענ א ציַנערנ הערצעלע, אונ פונ דער טענצערנ איז געבליבנ בלויז אנ ארומגעסמאלעט פליטערל, אי דאָס אויכ שווארצ, ווי קויל.





# די פּרינצעסן אפן ארבעסל




מאָל איז געווען א פּרינץ, וואָס האָט זיך געוואָלט אויס־קלײַבן א פּרינצעסן פאר א קאלע. נאָר מיט איין תּנאַי, אז יענע זאָל טאקע זײַן אן עמעסע פּרינצעסן.

דער פּרינץ איז אויסגעפאָרן די גאנצע וועלט, און ערשט צום סאָף ניט געפונען, וואָס ער וויל. פּרינצעסנס האָבן זיך אים באגעגנט איבערגענוג, אָבער גיי זײַ א בעריע און דערוויס זיך אקוראט, צי זײַנען עס טאקע עמעסע פּרינצעסנס אָדער ניט.

און אונדזער פּרינץ איז געקומען אהיים מיט גאָרניט. אפן הארצן איז אים געווען זייער שלעכט, וואָרעם ער האָט געפילט, אז ער גייט אויס, אזוי ווילט זיך אים כאסענע האָבן פאר אן עמעסער פּרינצעסן.

עפּעס איינמאָל פארנאכטלעך האָט זיך צעשפּילט א גרויסער שטורעם אינדרויסן. ס׳האָט גענומען דונערן און בליצן, און ס׳האָט א גאָס געטאָן א שלאקס־רעגן.

פלוצעמ האָט עמעצער אָנגעקלאפט אינ טויער פונעמ קעניגלעכנ פא־
לאצ, אונ דער אלטער קעניג אליינ איז אוועקגעגאנגענ עפענענ.

אונ ווער, מיינט איר, איז דאָרט געשטאנענ? — א פרינצעסנ.

ווײ־ווײ, ווי זי איז עס, נעבעכ, דורכגענעצט געוואָרנ! גאנצע ריטשקעס וואסער האָבנ זיכ געגאָסנ פונ אירע האָר אונ פונ איר קלייד גלײַכ אפ אירע קליינע שיכעלעכ. זי האָט געהאט אנ אויסזענ, ווי מע וואָלט זי נאָר־וואָס ארויסגעשלעפט פונ טײַכ ארויס.

אונ ניט געקוקט אפ דעמ אלעמענ, האָט זי זיכ פארגינט מעלדנ, אז זי איז עס טאקע די ווירקלעכע פרינצעסנ.

„נו, נו, דאָס וועלנ מיר זיכ גלײַכ קאָנענ דערוויסנ“, — האָט די אלטע קעניגנ בא זיכ אָפגעמאכט. נאָר זאָגנ וועגנ דעמ האָט זי קיינעמ קיינ וואָרט ניט געזאָגט. זי איז נאָר אוועק אינ שלאָפצימער, האָט אראָפגע־וואָרפנ פונ בעט אלע קישנס מיט די איבערבעטנ, אונ אפ די הוילע ברעטער האָט זי אנידערגעלייגט אנ ארבעסל. דערנאָכ האָט זי אָנגע־לייגט אפנ ארבעסל צוואנציק מאטראצנ אונ פונויבנ אפ די מאטראצנ צוואנציק ווייכע, פוכענע איבערבעטנ.

אונ דעמ דאָזיקנ געלעגער האָט זי צוגעגרייט טאקע פאר דער פרינ־צעסנ וועגנ.

אינדערפרי פרעגט מענ בא דער פרינצעסנ, וויאזוי האָט זיכ איר עפעס געשלאָפנ.

— אוי, זייער שלעכט! — האָט די פרינצעסנ זיכ פארקרימט. — איכ האָב א גאנצע נאכט מיט קיינ אויג ניט געקאָנט צונויפירנ. ווייסט עס דער גוטער יאָר, וואָס פאר א מינ געלעגער דאָס איז געווענ! מיר האָט זיכ די גאנצע צײַט אויסגעוויזנ, אז איכ קײַקל זיכ אפ גראָבע ברוקנ־שטיינער. איצט איז בא מיר דאָס גאנצע לײַב באדעקט מיט בלויע צייכנס. אָ, ווי שרעקלעכ ס'איז!

דאָ האָבנ אלע דערזענ, אז זי איז טאקע ווירקלעכ די עמעסע פרינ־צעסנ.

עפעס א קלייניקײַט, דורכ צוואנציק מאטראצנ אונ דורכ צוואנ־ציק ווייכע איבערבעטנ האָט זי דערפילט דאָס ארבעסל אפנ ברעט! בלויז אנ עכטע פרינצעסנ קאָנ זײַנ אזוי איידל דערצויגנ.

דער פרינצ האָט טאקע פאר איר כאסענע געהאט, וואָרעמ איצט האָט ער שוינ געוווסט, אז ער נעמט אנ עמעסע פרינצעסנ, אונ דאָס אר־

בעסל האָט מענ אוועקגעשטעלט אינ א מוזיי אריַינ, ווו מע קאָנ עס נאָכ זענ ביז צומ הײַנטיקנ טאָג, אויב קײנער האָט עס צופעליק ניט צו־געשלעפּט!

זעט איר שוינ, וואָס סע קאָנ זיכ אמאָל פּאַרלויפנ?!





# די גראָבע נאָדל



עווען איז אמאָל א גראָבע נאָדל, א גאנצ פראָסטע. האָט זי אָבער קעסיידער געהאלטנ פונ זיך א וועלט, אונ ס׳איז בא איר געווען געפויעלט, אז זי איז איידל אונ פײַנ, ווי א דינ ניי־נעדעלע.

— פאמעלעכנ, — מאכט זי איינמאָל צו די פינגער, וואָס האָבנ זי ארויסגענומענ פונ קעסטעלע, — זעט, לאָזט מיך ניט אײַנ! קוימ פאל איך אראָפ, וועט מיך זײַנ שווער צו געפינענ, וואָרעמ איך בינ זייער איידל.

— קערט זיך א וועלט! — האָבנ די פינגער געענטפערט אונ פעסט א כאפ געטאָנ די נאָדל פאר אירע זײַטנ.

— נאט זעט, — מאכט ווײַטער די גראָבע נאָדל, — נאָך מיר שלעפט זיך אפילע נאָך א גאנצע סוויטע! — אונ זי האָט א שלעפ געטאָנ נאָך זיך א לאנגנ פאָדעמ, נאָר, עמעס, אָנ א קניפל.

די פינגער האָבנ גענומענ שטשאָבענ מיט דער נאָדל דער קעכנס אלטנ פאנטאָפל, דאָרטנ, ווו דער לעדער האָט פונויכנ געפלאצט.

— אַך, ס'ראַ מײַן פּראָסטע און שווערע אַרבעט, — האָט די גראָבע נאָדל אַ זאָג געטאָן. — איך וועל בעשומויפן ניט דורכקריכן, אָט־אָט וועל איך צעבראָכן!

און זי האָט זיך טאַקע צעבראָכן.

— נו, וואָס האָב איך געזאָגט? — האָט די נאָדל אַ פּישטשע געטאָן. — איך בין דאָך פאַרט זייער איידל.

„איצט טויג זי שוין מער צו גאָרניט”, — האָבן די פינגער אַ קלער געטאָן און געוואָלט אַרויסוואַרפן די נאָדל. אָבער די קעכן האָט צו־געמאַכט צום אָפּגעבראָכענעם עק אַ קעפּעלע פון טריוואַקס און האָט צו־געשפּיליעט מיט דער נאָדל איר טיכל אַרום האַלדז.

— נו, איצט בין איך שוין אַ שפּילקע — האָט זיך די גראָבע נאָדל אָנ־גערופן. — איך האָב אַלע יאָרן געוווּסט, אַז איך וועל מוזן דערהויבן ווערן: בײַסטו נאָר עפּעס, מוז פון דיר עפּעס אַרויס.

און זי האָט שטיל אַ שמייכל געטאָן צו זיך זעלבסט. ביז איצט איז דאָך נאָך דערוויַיל ניט געהערט געוואָרן, אַז גראָבע נאָדלען זאָלן ער־געץ לאַכן הויך און אויף אַ קאָל. זי איז זיך געזעסן אײַנגעשפּיליעט אין טיכל און האָט מיט גרויס צופרידנקייט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, פּונקט ווי זי וואָלט געזעסן אין אַ רײַכער קאַרעטע.

— דערלויבט מיר אַ פרעג צו טון: איר זייַנט אַ גאָלדענע? — האָט זיך די נאָדל געווענדעט צו איר שכנה דער שפּילקע. — איר זעט אויס זייער מילד, דערצו איז נאָך בײַ אײַך דער קאָפּ אַן אייגענער. ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס ער איז אַ ביסל צו קליין. מע וועט דאַרפן, מײַן ליבינקע, ער זאָל נאָך בײַ אײַך אַ ביסל אויסוואַקסן. נו, יאָ, ניט יעדערן גליקט דאָך טאַקע אויף צו האָבן אויף זיך אַ קאָפּ פון עמעסן טריוואַקס.

בײַ די רייד האָט די שוסטער־נאָדל זיך אַזוי שטאָלץ אַ ציי געטאָן, אַז זי איז אַרויסגעפלויגן פון טיכל און געגעבן אַ פאַל גלײַך אין רינ־שטאָק אַרײַן, וווּהין די קעכן האָט גראָדע אויסגעגאָסן אַ ביסל פּאָמויעס.

— זיך לאָזן אין אַ רײַזע וואָלט איך גאָר ניט געהאַט קעגן! — האָט זיך די גראָבע נאָדל בייס־מײַסע אָנגערופן. — איך זאָל נאָר וויסן, אַז איך וועל ניט אַראָפּ צום גרונט.

אָבער זי איז טאַקע גלײַך אַראָפּ.

— אַך, איך בין צו איידל פאַר דער דאָזיקער וועלט, — האָט די נאָדל

אנדערסען, 2.

א זיפּצ געטאָנ, שטעקנדיק אינעם רינשטאָק, — אָבער אזויווי איכ ווייס מיר מײַנ ווערט, האָב איכ בא זיכ דאָ אויכ ניט וואָס צו זײַנ געפּאלנ.

אונ זי האָט טאקע דעם קאָפּ ניט אראָפּגעלאָזט אונ זיכ געבליבנ בא איר גוטנ געמיט.

פונויבנ זײַנענ איבער דער נאָדל דורכגעשוווּמענ פארשיידנערליי שמאָכטעס — שטרויעלעכ, שפּענדלעכ, שטיקלעכ צײַטונגענ...

— דו ביסט כאָטש א מיוונ, ווי זיי שווימענ עס דאָ ארום! — האָט די גראָבע נאָדל א זאָג געטאָנ. — אונ קיינ איינס פונ זיי איז ניט אימ־שטאנד זיכ אָנצושטויסנ, ווער עס שטעקט דאָ אונטער דער וואסער. איכ שטעק דאָכ דאָ, איכ אליינ... אָנאָ שווימט א שפּענדל, אונ אויסער שפּענער ליגט דעם קיינער ניט אינ זינענ. וואָרעמ עס איז דאָכ אליינ מער ניט ווי א שפּענדל. אונ אָטאָ טראָגט זיכ א שטרויעלע... זע נאָר, זע נאָר ס׳ארא מינ דרייענ זיכ! זײַ נאָר דאָרט אזוי ניט פארטאָנ מיט זיכ זעלבסט, וואָרעמ דו קאָנסט זיכ נאָכ זייער גרינג א זעצ געבנ אָנ א שטיינ. אונ אָנאָ רוקט זיכ א שטיק אָפּגעריסענע צײַטונג. וואָס דאָרטנ שרײַבט זיכ, ווערט שוינ קיינער ניט איבערלייענענ, אונ טו אומיסטנ א קוק, ווי עס האלט פונ זיכ!.. בלויז איכ איינע זיצ זיכ געדול־דיק אונ שטיל. איכ ווייס זיכ מײַנ ווערט, אונ קיינער וועט עס בא מיר ניט אוועקנעמענ.

פלוצעם האָט עפּעס לעמ איר א בלישטשע געטאָנ: „א דימענט!“ — האָט די גראָבע נאָדל א קלער געטאָנ. אונ געוועזנ איז עס ניט מער ווי א שטיקל גלאָז פונ א צעבראָכנ פלעשל, אָבער עס האָט זייער העל געגלאנצט אנטקעגנ דער זונ. אונ די גראָבע נאָדל האָט באשלאָסנ פאר־פּירנ מיט דעם א געשפּרעכ.

— איכ בינ א בוזעמ־שפּילקע, — מאכט זי צומ שטיקל גלאָז. — אונ איר זײַנט אוודע א דימענט.

— ע־ע־ע, יאָ, אנערעכ אזוי, — האָט דאָס שטיקל גלאָז גע־ענטפערט.

זיי האָבנ זיכ ארײַנגעלאָזט אינ א ברייטנ שמועס וועגנ דעם, ווי גוואל־דיק שאצבאר זיי זײַנענ, אונ דערום האָבנ זיי זיכ טאקע גענומענ גרויסנ איינס מיטנ צווייטנ אונ באריידנ די וועלט פאר איר פּוסטער גײַווע.

— יאָ, — מאכט די גראָבע נאָדל, — איכ האָב געוווינט בא איינער א יונגפרוי אינ א שאכטל. די יונגפרוי איז געוועזנ א קעכנ. אפּ יעדער

האנט האָט די יונגפרוי פּארמאָגט צו פינף פינגער, און איר קאָנט זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, ווי גרויס בא זיך די דאָזיקע פינגער זיינען. און סאכאקל זיינען זיי דאָך בלויז צוליב דעם באשאפן געוואָרן, זיי זאָלן מיך ארויסנעמען פון שאכטל און מיך צוריק אהין אוועקלייגן.

— מיט וואָס־זשע האָבן זיי זיך עס אזוי איבערגענומען, די דאָזיקע פינגער? — האָט דאָס שטיקל גלאָז א פרעג געטאָן. — זיי האָבן אוואדע פּארמאָגט א געוויסן גלאנץ אף זיך?

— א גלאנץ? — מאכט די גראָבע נאָדל. — אייסעך וואָס! אָן א שיר גרויסהאלטעריי, און מער גאָרניט! איר הערט דאָך, זיי זיינען געווען צווישן זיך פינף אייגענע ברידער, זיי האָבן זיך געהאלטן שטאָלץ איינס נעבן צווייטן, כאָטש זיי זיינען ניט געווען פון איין לענג. דער סאמע עקסטער, צום ביישפּיל, מע רופט אים „דער גראָבער", האָט עטוואָס ארויסגעשטארט אָן א זייט. באם פארנייגן זיך פלעג ער זיך אויסבייגן בלויז אף דער העלפט, און ניט אינדרייען, ווי די איבעריקע ברידער זיינע פלעגן עס טון. דערפאר פלעג ער זיך אָבער בארימען, אז ווען מע האקט אים, כאָלילע, אָפּ, וואָלט דער גאנצער מענטש קאליע געוואָרן אף אזוי־פיל, אז מע וואָלט אים אפילע ניט צוגענומען פאר קיין סאָלדאט. דעם צווייטן פינגער האָט מען גערופן „דער נאשער". יעגער פלעג זיך טאקע שטעקן אומעטום, ווו די וועלט נאָר האָט אָן עק, סיי צום זיסן, סיי צום זויערן, סיי צום הימל, סיי צו דער ערד. און ער טאקע פלעג עס צוקוועטשן די הענטל־פען, בייס די קעכן פלעג עפעס נעמען שרייבן. דעם דריטן ברודער האָט מען גערופן „דער לאנגער". ער האָט געקוקט אף איטלעכן פונויבן אראָפּ. דער פערטער, „גאָלדפינגער" האָט ער געהייסן, פלעג קעסיידער זיין פארגארטלט מיט א גאָלדענעם רינג. און דער קלענסטער — „שפּילמאנ", דער האָט גלאט ניט געטאָן קיין האנט אין קאלטער וואסער, און דאָס איז געווען זיין שטאָלץ. אזוי האָבן זיי זיך געהאלטן אין איין גרויס מאכן און אין איין בארימען. און גראדע צוליב זייער שולד האָב איך זיך טאקע געפּאקט אהער אינעם רינשטאָק אריין.

— דערפאר אָבער זיצן מיר איצט דאָ ביידע און מיר גלאנצן, — האָט דאָס שטיקל גלאָז א זאָג געטאָן. אָבער אין דער־אָ רעגע האָט עמעצער אויסגעגאָסן אין רינשטאָק אריין א פולן עמער. האָט די וואסער זיך געגעבן א שטארקן בויטע און אָפּגעטראָגן ערגעץ דאָס שטיקל גלאָז.

— זע נאָר, ער איז גאָר אוועק! — האָט די נאָדל א זאָג געטאָן מיט פארדראָס. — און איך בלייב דאָ איינע אליין. איך בין, קאָנטיק, צו פײַן און צו איידל. אָבער דאָס איז מײַן שטאָלץ, און אזא שטאָלץ פארדינט אכטונג.

זיצט זיך אזוי די נאָדל טיף אין רינשטאָק, גלייך און ניט־געבויגן, און דער קאָפּ איז איר פול מיט געדאנקען:

„סע קאָן זייער מעגלעך זיין, אז איך בין געבוירן געוואָרן פון א זונען־שטראל, — מע זעט דאָך, ווי דין איך בין. ניט אומזיסט ווײַזט זיך מיר אויס, אז די זון האלט מיך אין איין זוכן אפילע דאָ אין דער דאָזי־קער קאלעמוטנער וואסער. מײַן אָרעמע מוטער, זי קאָן מיך ניט אָפּזוכן, אזוי דין בין איך. ווען מײַן אלט אייגעלע וואָלט זיך בא מיר ניט אָפּגע־בראָכן, וואָלט איך זיך עפּשער צעוויינט אויך, אזוי כאַפּט עס מיך פארן הארצן. כאָטש, ניין, אזעלכס וואָלט איך מיסטאמע ניט געטאָן. וויינען איז ניט פון די אָנשטענדיקע זאכן".

אין איינעם א טאָג האָבן זיך גענומען פּאָרען א פּאָר יאטעלעך לעם דעם רינשטאָק. זיי האָבן דאָרטן אויסגעזוכט פארשיידענע אלטע צוויע־קעס, פארזשאווערטע מאטבייעלעך, און נאָך אזעלכע שמאָכטעס. די יאטעלעך זײַנען געווען פארליאפּעט מיט שמוץ און מיט קויט, אָבער דאָס האָט זיי פארשאפן נאָך מערער פארגעניגן.

— אוי! — האָט איינס יאטל פּלוצעם א געשריי געטאָן, די גראָבע נאָדל האָט אים דערלאנגט א שטאָך אין פינגער. — זע נאָר, זע, ס'ארא מין ציאַציע דאָס איז.

— איך בין ניט קיין ציאַציע, איך בין א יונג מיידל! — האָט די גראָבע נאָדל געמאָלדן, נאָר זי האָט עס אזוי שטיל ארויסגעפּישטשעט, אז קיינער האָט עס ניט געהערט.

איצט איז שוין די אלטע נאָדל ניט געווען צו דערקענען. דאָס טרי־וואקסענע קעפּל איז בא איר אָפּגעפאלן, און זי איז אינגאנצן געוואָרן שווארץ. אָבער אזויווי שווארצע קליידער מאכן יעדן דינער און שלאנקער, האָט די נאָדל בא זיך באשלאָסן, אז איצט איז זי נאָך שענער, ווי געווען.

— אָנאָ שווימט א שאָלעכץ פון אן איי! — האָבן די יאטעלעך אויסגע־שריגן. זיי האָבן געכאַפּט די שאָלעכץ, האָבן ארײַנגעשטעקט אהין די גראָבע נאָדל און זי א וואָרף געטאָן אין קאליזשע ארײַן.

„אליין א שווארצע, און די ווענט ווײַסע, — האָט די נאָדל א טראכט

גּעטאָן. — דאָס קליידט מיר גראדע. איצט וועט מען מיך גיכער באמערקן, און איך וועל באַ־איטלעכן זייער אויסנעמען. איך זאָל נאָר ניט קראנק ווערן, ווײַל פון דער יאם־קרענק קאָן מען אָנהייבן ברעכן".

אָבער זי איז ניט קראנק געוואָרן.

„צו דער יאם־קרענק איז דאפקע גוט, אז מע פארמאָגט א שטאָלענעם מאָגן, — האָט די נאָדל ווידער א טראכט געטאָן, — און דערצו איז נאָך גוט, וואָס דו קאָנסט קעסיידער געדענקען, אז מיט וואָס ס׳ניט איז ביסטו פאָרט העכער פון זיי אלע. יאָ, איצט בין איך שוין אינגאנצן געקומען צו זיך. און דעריקער ווײַזט זיך גאָר ארויס, אז וואָס מער איידל מע איז, אלץ מער איז מען אימשטאנד אריבערצוטראָגן פארשיידענע שווע־ריקייטן".

— קראק, — האָט די איי־שאָלעכץ א זאָג געטאָן, וואָרעם א לאַסט־וואָגן איז זי איבערגעפאָרן.

— אוי, אוי, ווי שווער ס׳איז, — האָט זיך די נאָדל צעשלוכצט. — איצט וועל איך שוין טאקע אפגעוויס קראנק ווערן. און איך וועל עס גאָר ניט איבערטראָגן. אוי, איך וועל עס ניט איבערטראָגן!

נאָר זי האָט עס גראָד יאָ איבערגעטראָגן, כאָטש א שווערער לאסט־וואָגן איז איבער איר איבערגעפאָרן.

איז איר גאנצער לענג איז זי זיך געבליבן דאָרטן ליגן.

און אזוי מעג זי שוין דאָרטן פארבלײַבן.





# דער כאזיירים־פאסטעכ



עוועג-איז אמאָל אנ אָרעמער פרינצ. זײַנ קעניגרײַכ איז געווענ זייער-קליינ, אָבער דאָכ איז עס פונ אלעמאָל געווענ גענוג גרויס, ער זאָל קאָנענ כאסענע האָבנ. אונ כאסענע האָבנ האָט ער שוינ לאנג געוואָלט.

דער פרינצ איז געווענ פונ א קעניגלעכנ שטאמ, אונ הונדערטער פרינצעסנס — עמעס טאקע, ניט פונ די גאָר רײַכע — וואָלטנ מיט ביידע הענט אימ גענומענ פאר א כאָסנ. נאָר אימ האָט זיכ געגלוסט נעמענ פאר א ווײַב דעמ קייסערס טאָכטער אליינ.

— אָבער צוגיינ צומ קייסערס טאָכטער אליינ אונ איר זאָגנ: „דו ווילסט פאר מיר כאסענע האָבנ?" איז עפּעס גיט אזוי גרינג. פאר אזא מינ זאכ קאָנ מענ נאָכ אמאָל ארויסטרײַבנ אויכ.

וואָס־זשע טוט מענ אָבער אינ אזא לאגע, הא?

טאָ לאָמיר טאקע הערנ, וואָס ס'איז ווײַטער געווענ.

באמ פרינצ אינ גאָרטנ איז אפ זײַנ פארשטאָרבענעמ טאטנס קייווער

אויסגעוואַקסן אַ רויזן־קוסט. אַ רויזן־קוסט אַ הערלעכ־שיינער. בליִען פלעג ער איין מאָל אין פינף יאָר, און אויך דאַן פלעג ער בלויז אַרויס־לאָזן אַן איין־און־איינציקע רויז. אָבער ווי שיין איז די דאָזיקע רויז געווען! און ס׳איז מינע זיסע רייכעס זי פלעג פון זיך אַרויסלאָזן!

יעדערער, ווער ס׳האָט נאָר די דאָזיקע רויז אַ שמעק געטאָן, האָט גלײַך געקאָנט פאַרגעסן אין אַלע זײַנע זאָרגן און אין אַלע זײַנע שמערצן. ווײַטער האָט נאָך דער פּרינץ פאַרמאָגט אַ סאָלאָווי, וואָס האָט אַזוי ווונ־דערלעכ־שיין געזונגען, פּונקט ווי בײַ אים אין גערגעלע וואָלטן געווען פאַרבאָרגן די שענסטע מעלאָדיעס אין דער וועלט.

דער פּרינץ האָט קיין סאַך ניט געקלערט און באַשלאָסן אָפּשיקן די רויז מיטן סאָלאָווי דער פּרינצעסן פאַר אַ מאַטאָנע. אין איין זילבערן קעסטעלע האָט מען אײַנגעפּאַקט די רויז, אינעם צווייטן זילבערן קעס־טעלע — דעם סאָלאָווי, און אַזוי האָט מען זיי ביידע אָפּגעשיקט צום קייסער אין פּאַלאַץ אַרײַן.

דער קייסער איז געזעסן אפן שטול, און די פּרינצעסן האָט געשפּילט מיט אירע פרײַלנס אין „סקאַצל־קומט”. מער האָט זי סײַזוי גאָרניט ניט געקאָנט. און דאָ האָט מען גראָדע אַרײַנגעטראָגן די צוויי זילבערנע קעסטעלעך מיט די מאַטאָנעס. אַף דער פּרינצעסן איז געוואָרן אַ גדולה מיט אַ פרייד, זי האָט אַזש געגומען פּליעסקען מיט די הענט. דער קייסער האָט געהייסן אָפּדעקן דאָס ערשטע קעסטעלע, און דאָ האָבן אַלע דער־זען די הערלעכ־שיינע רויז.

— אַך, ווי פײַן ס׳איז געמאַכט! — האָבן די פרײַלנס אויסגערופן.

— ס׳איז נאָך מער ווי פײַן, — האָט דער קייסער צוגעגעבן, — ס׳איז אַפילו פּרעכטיק.

אָבער די פּרינצעסן האָט געגעבן אַ טאַפּ די רויז מיטן פינגערל און האָט שיר ניט אויסגעשאָסן קיין געוויין.

— פע, — טאַטע, ס׳איז דאָך ניט קיין קינסטלעכע, ס׳איז גאָר אַ נאַ־טירלעכע!

— פע, — האָבן אַלע הויפלײַט נאָכגעזאָגט. — ס׳איז גאָר אַ נאַטירלעכע.

— ווייסט איר גאָר וואָס, — זאָגט דער קייסער, — מירן נאָך צײַט האָבן זיך בייזערן. לאָמיר פריִער אַ קוק טון אין צווייטן קעסטעלע, — און ער האָט עס געהייסן אָפּדעקן.

ווי מע האָט עס נאָר אָפּגעדעקט, אַזוי איז דער סאָלאָווי גלײַך אַרויס־

געפֿלויגן און זיך צעזונגען אַזוי שיין, אַזוי וווּנדערלעך, אַז ס'איז איינ־גאַנצן אומעגלעך געוועז אָפּצוזוכן אַפֿ עפּעס אַ כיסאָרן.

— פּרעכטיק! אויסגעצייכנט! שאַרמאַנט! סיופּערב! — האָבן זיך די פֿריילנס צעפּישטשעט אַפֿ פֿראַנצויזיש. זיי האָבן געבעבעט אַפֿ פֿראַנצויזיש איינע ערגער פֿון דער צווייטער.

— אַך, ווי דער דאָזיקער פֿויגל דערמאַנט מיך אין אונדזער פֿאַרשטאָר־בענער קייסעריניעס שפּיל־קעסטל! — האָט איינער אַן עלטערער קאַוואַ־ליער אויסגערופֿן. — דאָס איז דאָך פּונקט דער זעלבער טאָן, די זעלבע קלאַנגען.

— ריכטיק, — האָט דער קייסער צוגעגעבן און זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד.

— איך וויל אָבער גלייבן, אַז דער דאָזיקער פֿויגל איז ניט קיין נאַ־טירלעכער? — האָט די פּרינצעסן זיך אָנגערופֿן.

— ער איז גראַדע אַ נאַטירלעכער, — מאַכן די, וואָס האָבן אים אַהער געבראַכט.

— אויב אַזוי, טאָ זאָל ער זיך פֿליִען, וווּהין ער וויל, — האָט זיך די פּרינצעסן צעשריגן, און זי וויל שוין בעשום־אופֿן ניט איינגיין דערויף, אַז דער פּרינץ זאָל אַהער קומען.

אָבער דער פּרינץ איז בא זיך ניט אַראָפּגעפֿאַלן. ער האָט זיך נאָר אויסגעשמירט דאָס פּנים מיט ברוינער און שוואַרצער פֿאַרב, האָט אָנ־געררוקט דאָס היטל נידעריקער אַפֿן שטערן און האָט אָנגעקלאַפּט צום קיי־סער אין פּאַלאַץ אַריין.

— גוט מאָרגן אייך, ליבער קייסער! עפּשער קאָנט איר פֿאַר מיר קריגן עפּעס אַ באַשעפֿטיקונג בא אייך אין הויף?

— סע וועלן דאָ קלעקן גענוג ליידיקגייערס אָן דיר! — זאָגט דער קייסער, — נאָר שטיי, וואַרט אַ רעגע, מיר דאַרפֿן, דאַכט זיך, אַ פּאַסטעך צו די כאַזיירים. מיר האָבן אַסאַך כאַזיירים.

און אַזויאַרום האָט דער פּרינץ געקריגן אַן אַרבעט — פּאַסן דעם קייסערס כאַזיירים. צום ווינעצן האָט מען אים אויסגעטיילט עפּעס אַ ווינקעלע טאַקע ניט ווייט פֿון די כאַזיירים.

דער פּרינץ האָט זיך דערווייל פֿאַרשפּאַרט בא זיך אין קעמערל, ער איז דאָרט אָפּגעזעסן דעם גאַנצן טאָג, און צו אָוונט־צו האָט ער אויסגע־מײַסטרעוועט אַ קליין קונציק טעפּעלע. דאָס טעפּעלע איז אַרום־און־

ארום באהאנגענ געווענ מיט אזעלכע גלעקעלעך, און ווי סע פלעג זיך אינ טעפעלע עפעס נעמענ קאָכנ, אזוי פלעגנ די גלעקעלעך אָנהייבנ און אויסקלינגענ דעמ אלטנ שיינעמ ניגנ:

אך, דו ליבער אווגוסטינ,
אלצ איז שוינ פארפאלנ,
פאר־פאר־פאלנ!

נאָר נאָך מער קונציק איז געווענ דאָס, וואָס אויב מע טוט א טונק דעמ פינגער אינעמ דאמפ, וואָס זעצט פונעמ טעפעלע, און מע טוט אימ א שמעק, קאָנ מענ זיך באלד דערוויסנ, וואָס בא וועמענ אינ שטאָט עס קאָכט זיך. יאָ, דאָס איז שוינ געווענ אסאך קונציקער, ווי עפעס דאָרטנ א רויז אָדער וואָס.

ארום האלבנ טאָג גייט די פרינצעסנ מיט אירע פריילנס שפאצירנ. פלוצעמ דערהערט זי דעמ שיינעמ ניגנ, ווע־ט אפ איר א גרויסע פרייד, דאָס איז דאָך דער ניגנ, וואָס זי קאָנ אליינ אויסשפילנ: „אך, דו ליבער אווגוסטינ". בלויז דאָס דאָזיקע לידעלע קאָנ זי אויסשפילנ: אי דאָס נאָר מיט איינ פינגער.

— אך, ס'איז דאָך דאָס, וואָס איך קענ אויך! — מאכט די פרינצעסנ, — אויב אזוי, קער אונדזער פאסטעך זיינ זייער שיינ געבילדעט. זאָל עמעצער די רעגע שוינ צו אימ א לויפ טונ און בא אימ פרעגנ, וויפל וויל ער פאר דער קיילע.

און דאָ האָט איינע פונ די פריילנס געמוזט, אָנטונ א פאָר הילצערנע שיך און ארויסגיינ אפנ הינטער־הויפ צומ פאסטעך.

— וויפל ווילסטו פאר דיינ טעפעלע? — פרעגט די פריילנ.

— איך וויל צענ קוש, נאָר די פרינצעסנ אליינ זאָל מיר זיי געבנ, — האָט דער פאסטעך געענטפערט.

— דו הערסט כאָטש, וואָס דו רעדסט? — מאכט די פריילנ.

— יאָ, — ענטפערט דער פאסטעך, — פאר ווינציקער קאָנ עס ניט גיינ.

— נו, וואָס האָט ער געזאָגט? — פרעגט די פרינצעסנ.

— איך קאָנ עס אפילע פארנ מייל ניט ברענגענ, — ענטפערט די פריילנ.

— טאָ רוימ עס מיר איינ אפנ אויער.

און די פריילנ האָט איר אלצ איינגערוימט אפנ אויער.

— אזא גראָבער יונג! — האָט די פרינצעסנ געזאָגט און גלייך זיך גע־

לאָזט אוועקגיין פונדאנען. אָבער ווי זי האָט נאָר געטאָן איין שפאַן, אזוי האָבן די גלעקלעך זיך ווידער צעקלונגען:

אַך, דו ליבער אווגוסטין,
אַלץ איז שוין פאַרפאַלן,
פאַר־פאַר־פאַלן!

— הער נאָר אויס, — מאכט די פרינצעסן. — טו אים א פרעג, עפשער וועט ער איינגיין אפ צען קוש פון מיינער א פרייַלן.

— ניין, א שיינעם דאַנק, — מאכט דער כאַזיירים־פאַסטעך, — צען קוש פון דער פרינצעסן אליין, אויב ניט, קאָן איך באַשטיין, אַז דאָס טעפּעלע זאָל בלייַבן בא מיר.

— ס׳איז שוין א פאַרפאַלענע זאַך! — האָט זיך די פרינצעסן אָנגערופן, — נאָר איר וועט זיך אַלע מוזן אַרום מיר אַרומשטעלן, אַז קיינער זאָל עס כאָטש ניט דערזען.

האָבן די פרייַלנס זיך אויסגעשטעלט אַרום דער פרינצעסן, זיי האָבן ברייט צענומען זייערע קליידלעך, און דער כאַזיירים־פאַסטעך האָט באַקומען זיינע צען קוש, און די פרינצעסן — דאָס טעפּעלע.

אַך, ס׳אַ מין פרייד ס׳איז געווען! דעם גאַנצן אָוונט און דעם גאַנצן קומענדיקן טאָג האָט דאָס טעפּעלע געמוזט קאָכן, און ווי די וואַסער פלעג אופזידן, אזוי איז שוין ניט געווען קיין איין קיך אין שטאָט, זיי זאָלן ניט וויסן, וואָס דאָרטן קאָכט זיך, אָנהייבנדיק מיט דער קיך פונעם ערשטן מיניסטער און ענדיקנדיק מיטן אָרעמסטן פאַנטעפּל־מאַכער. די פרייַלנס שפּרינגען אזש אונטער און פּליעסקען מיט די הענט.

— מיר וויסן, מיר וויסן, וואָר עס וועט הייַנט עסן זיסן זופּ מיט מאַנדלען. מיר וויסן, וואָר עס וועט הייַנט עסן קאַשע מיט זראַזע. אַך, ס׳איז דאָך זייער אינטערעסאַנט!

— אָ, העכסט אינטערעסאַנט, — מאכט די אָבערהאָפ־מייַסטערן.

— אָבער געדענקט, אַז מע דאַרף האַלטן סאָד, — האָט זיך די־פרינצעסן אָנגערופן, — וואָרעם איך בין דאָך א קייסערס א טאָכטער!

— נו, אַוואַדע, אַוואַדע, — ענטפערן די פרייַלנס אַלע אין איין קאָל, — דאָס פאַרשטייען מיר דאָך זייער גוט.

און דער פאַסטעך (ריכטיקער געזאָגט, דער פּרינץ, אָבער זיי וויסן דאָך ניט פון דעם, זיי קענען אים דאָך פאַר אַן עכטן כאַזיירים־פאַסטעך)

זעט דערווײַל ניט פארלירן קיין צײַט.- ער האָט צוגעטראַכט אַזאַ מײַן קאַלאַקאַטקע, וואָס אַז מע טוט זי אַ שאָקל הין און הער, שפּילט זי אויס אַלע וואַלסן, אַלע פרײַלעכסן און אַלע פּאָלקעס, וואָס די וועלט האָט נאָר אַמאָל פאַרמאָגט.

— אַך, דאָס איז טאַקע שוין גאָר סיופּערב!— האָט די פרינצעסן אויס־גערופן, בשעת זי איז דאָרטן פאַרבײַגעגאַנגען.— קיין שענערס האָב איך נאָך, זינט איך לעב, ניט געהערט. גייט און טוט אים גלײַך אַ פרעג, וויפל וויל ער פאַר דער דאָזיקער קיילע. אָבער אַפּ קיין קושן זאָל ער זיך מער ניט ריכטן!

און די פרײַלן האָט ווידער אָנגעשטעקט די הילצערנע שיך און איז ווידער אַוועקגעלאָפן אַפן הינטער־הויף.

— הונדערט קוש וויל ער, איר זאָלט אים געבן!— איז די פרײַלן גע־קומען צו לויפן מיט אַ קלאָרער ידיעה.

— ער איז אַוואַדע ניט בײַ די געדאַנקען,— האָט די פרינצעסן אַ זאָג געטאָן און שוין געוואָלט אַוועקגיין. זי איז אָבער קיין פינף טריט ניט אָפּגעגאַנגען און געבליבן שטיין.

— שאַט,— זאָגט זי,— אַזוי ווי איך בין אַ קייסערס אַ טאָכטער, איז מײַן כּיוון צו באַלעבן די קונסט און אויפמונטערן די קינסטלער. אויב אַזוי, טאָ גייט און זאָגט אים, אַז איך גיב אים, אַזוי ווי נעכטן, צען קוש, און די איבעריקע וועט ער באַקומען בײַ מײַנע פרײַלנס.

— יאָ, אָבער דאָס פרייט אונדז זייער ווייניק,— זאָגן די פרײַלנס,— זיך קושן מיט אַ כאַזיירים־פּאַסטעך.

— נו, נאַרישקײַטן,— מאַכט די פרינצעסן,— אויב איך קאָן אים קושן, וועט איר שוין אַוואַדע קאָנען. פאַרגעסט ניט, אַז איר קריגט בײַ מיר אי קעסט, אי געצאָלטס.

העלפט דאָך ניט, מוז שוין די פרײַלן ווײַטער צו אים גיין.

— הונדערט קוש פון דער פרינצעסן אַליין,— מאַכט דער פּאַסטעך,— אויב ניט, קאָן זיך יעדערער בלײַבן בײַ זײַנס.

— נו, שטעלט זיך אַלע אויס אַרום מיר!— האָט די פרינצעסן באַפוילן. האָבן זיך אַלע אַרום איר אַרומגעשטעלט, און די פרינצעסן האָט אָנ־געהויבן קושן.

— וואָס איז עס פאַר אַן אויפגעלויף דאָרטן בײַ מיר לעם די כאַזיירים־שטאַלן?— האָט דער קייסער, וואָס איז פּונקט אין דער רגע אַרויסגע־

גאנגענ אפנ באלקאָנ, א פרעג געטאָנ. ער האָט זיך גענומענ רײַבנ די אויגנ און אפילע אָנגעטאָנ די ברילנ.— אָהאָ,— זאָגט ער,— דאָס זײַנענ די פרײַלנס, זיי האָבנ שוינ ווײַטער עפעס צוגעטראכט. איך וועל אליינ ארויסגיינ אונ א קוק טונ, וואָס טוט זיך עס דאָרטנ.

און ער האָט ארופגעשלעפט אפ די פיס זײַנע אלטע אויסגעטראָטענע פאנטעפל און האָט אוועקגעשליאָפּעט מיט זיי צום הינטער־הויפ.

די פרײַלנס זײַנענ געווענ שטארק פארטאָנ. זיי האָבנ אקוראט געציילט די קוש (מע דארפ דאָך, אז ס׳זאָל אלצ צוגיינ ערלעך).— דערום האָבנ זיי אפילע ניט באמערקט, וויאזוי דער קייסער האָט זיך אונטערגעגאנוועט. ער האָט זיך צוגערוקט וואָס נעענטער אונ זיך א צי געטאָנ אפ די שפיצ פינגער.

— וואָס טוט זיך עס דאָ?— האָט ער אויסגעשריִענ, ווי ער האָט נאָר דער־זענ, אז מע קושט זיך. אונ ער האָט גלײַך אראָפּגעצויגנ א פאנטאָפל, אימ א וואָרפ געטאָנ זיי אינ קאָפ ארײַנ פונקט דעמלט, ווענ די פרינצעסנ האָט אָפּגע־ציילט דעמ זעקס אונ אכציקסטנ קוש.— ארויסט פונ מײַנ קעניגרײַך!— איז דער קייסער ארײַנגעפאלנ אינ גרויס גרימצאָרנ, אונ ער האָט ביידנ פארטריבנ, אי די פרינצעסנ, אי דעמ פאסטעכ.

די פרינצעסנ שטייט אונ וויינט, דער פאסטעכ בייזערט זיך, אונ דער רעגנ גיסט, ווי פונ אנ ארבל.

— אכ, ס׳ארא עלנט שעפעלע איך בינ,— מאכט די פרינצעסנ,— איך האָב דאָך דעמלט געקאָנט כאסענע האָבנ פאר א פרינצ, מעג ער זײַנ אנ אָרעמער, אָבער א פײַנער, אוי, ווי אומגליקלעך איך בינ!

און דער כאזיירים־פאסטעך האָט זיך אוועקגעשטעלט הינטער א בוימ, האָט אראָפּגעוואָרפנ פונ זיך די שלעכטע קליידער אונ אָפּגעווישט פונ פאָנעמ די ברוינע אונ די שווארצע פארב. אונ איז צוריק געוואָרנ א פרינצ, נאָר אזא שיינער, אז די פרינצעסנ האָט זיך אזש פארנויגט פאר אימ.

— איצט ווייס,— מאכט צו איר דער פרינצ,— האָסט ניט געוואָלט כאסענע האָבנ פאר קיינ ערלעכנ פרינצ, האָסט ניט געקאָנט אָפּשאצנ, ווי עס דארפ צו זײַנ, די רויז מיטנ סאָלאָוויי, אונ פאר נארישע אונ פוסטע שפילעכלעך ביסטו גרייט געווענ צו קושנ א כאזיירים־פאסטעך הונדערט אונ צענ מאָל. איצט האָסטו אָפּגעלייזט, וואָס דו האָסט פארדינט.

און ער איז אוועק צו זיך אינ קעניגרײַך אונ פארהאקט די טיר

אונטער דער סאמע נאָז בא איר. איצט זאָל זי שטיין אינדרויסן, אויב זי וויל און זינגען:

אך, דו ליבער אווגוסטין,
אלץ איז שוין פארפאלן,
פאר־פאר־פאלן.





# דאָס יונגע העסלעכ קאטשערל



ינדרויסנ פונ יענער זײַט שטאָט איז געווענ שוינ איינ־מאָל שיינ! ס'איז ליבער זומער! דער קאָרנ געלבט זיכ, דער האָבער גרינט, אונ דאָס היי איז שוינ צונויפגעשארט אינ די סטויגנ; איבער דער גרינער לאָנקע שפּאצירט זיכ אומ דער לאנגפיסיקער בושל אונ פּלאפּלט עפּעס אפּ עגיפּטיש. די דאָזיקע שפּראכ האָט אימ דאָכ די מוטער זײַנע אויסגעלערנט. פונ יענער זײַט פעלדער אונ לאָנקעס ציִענ זיכ גרויסע וועלדער, אונ דאָרטנ אינ די וועלדער זײַנענ דאָ אסאכ טיפע אָזערעס. יאָ, אינדרויסנ פונ יענער זײַט שטאָט איז טאקע איינמאָל שיינ!

באגאָסנ מיט אָנ אַ שיר זונענ־שײַנ, איז דאָרט געשטאנענ אַנ אלט הויפל, וואָס איז געווענ ארומגערינגלט מיט טיפע וואסער־ריוונ; פונעמ מויער ביז דער סאמע וואסער האָבנ זיכ געצויגנ גרויסע גרינע לאָפּו־כעס[1], יעדער לאָפּוכ איז אזוי גרויס, אז א קליינ קינד קאָנ זיכ באַ־האלטנ אונטער זײַנע בלעטער, אונ קיינער זאָל עס ניט ארויסזענ.

---

[1] לאָפּוכעס — גרויסע גרינע בלעטער.

צווישן די לאַפּוכעס איז געווען אַזאַ געדיכטעניש, פּונקט ווי אינעם סאַמע געדיכטן וואַלד, — און דאָרטן מאַקע איז געזעסן אין איר נעסט אַ קאַטשקע, וואָס האָט זיך געקליבן אויסזיצן קליינע קאַטשקעלעך. אָבער דאָס איז איר שוין גוט דערעסן געוואָרן, ווײַל זי איז געזעסן שוין פון וויסעכ־ווען; דערצו פלעג נאָך ווייניק ווער צו איר אַרײַנקומען, ווײַל די איבעריקע קאַטשקעס האָבן געהאַלטן, אַז ס'איז אַסאַך ליבער אומשווימען הין און צוריק איבער די ריוון מיט וואַסער, איידער זיך אַוועקזעצן קראַקען מיט איר דאָ צווישן די לאַפּוכ־בלעטער.

ענדלעך האָבן די אייער־שאָלעכץ גענומען פּלאַצן איינס נאָכן צווייטן.

— פּיפּ, פּיפּ! — האָט זיך דערטראָגן פון אינעווייניק. אַלע אייער־געלעכלעך זײַנען באַלעבט געוואָרן און האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּלעך.

— רראַפּ! רראַפּ! — האָט אָפּגעענטפערט די קאַטשקע.

און די קליינע קאַטשקעלעך האָבן זיך ווי עס איז אַרויסגעדראַפּעט פון די אייער־שאָלעכץ און האָבן גענומען זיך אַרומקוקן אין דער גרינער געדיכטעניש. און די מאַמע־קאַטשקע קלערט זיך: „זאָלן זיי קוקן — גרינער קאָליר איז געזונט פאַר די אויגן".

— אַך, ווי גרויס די וועלט איז! — האָבן די קאַטשקעלעך געזאָגט.

נו, געוויס, איצט איז זיי געוואָרן אַ היפּש ביסל גערוימער, ווי צוריק מיט אַ רעגע, ווען זיי זײַנען נאָך געווען פאַרמויערט אין זייער שאָלעכץ.

— איר קערט געוויס מיינען, אַז דאָס איז שוין די גאַנצע וועלט, — מאַכט צו זיי די מאַמע, — נו, יאָ, אָטאָ באַלד! די וועלט ציט זיך דאָך נאָך אַהין, העט ווײַט, פון יענער זײַט סאָד און ע‌פּשער נאָך ווײַטער פונעם גאַלעכס פעלד. נאָר איך בין דאָרט, דעם עמעס געזאָגט, נאָך קיינמאָל ניט געווען!.. נו, ווי? איר זײַנט שוין כאָטש אַלע דאָ פאַראַן? — און זי שטייט אויף פון איר פּלאַץ. — אוי, ניין. נאָך ניט אַלע, דאָס סאַמע גרעסטע איי איז נאָך אינגאַנצן ניט גערירט! ווי, ווען וועט שוין צו דעם אַמאָל נעמען אַ סאָף? כ'לעבן, ס'וועט זיך שוין מיר באַלד איבערוועלן.

און זי האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס? — מאַכט צו איר אַן אַלטע קאַטשקע, וואָס איז געקומען זי געוווירע ווערן.

— עפּעס איין איי ליגט און וויל ניט פּלאַצן, — מאַכט די יונגע קינפּעטאָרן. דערפאַר אָבער וואָס וועט איר זאָגן אויף דאָזיקן ביסל קליינוואַרג? גאָלע גאָלד! דער טאַטע מיט די ביינער. נאָר דער הולטײַ

אַנדערסען, 3.

איז דאָך נאָך אפילע קיינ איינ מאָל מיך ניט געקומענ געוווירע ווערנ! — ווייַז, לאָמיך נאָר א קוק טונ אפנ איי, וואָס וויל ניט פּלאצנ, — מאכט די אלטע קאטשקע. — נו, יאָ; איך זע שוינ, דאָס איז אנ אינדיק. איך דערקענ לויטנ איי. איך האָב זיך שוינ איינמאָל אזוי געלאָזט אריַינ פאקנ. דערנאָך האָב איך געהאט א שיינ ביסל ארבעט מיט די קליינע אינדיקלעך. איך האָב מיט זיי געהאט צו זינגעג אונ צו זאָגנ. איך האָב זיי אינ קיינ פאל ניט געקאָנט אריַינשלעפּנ אינ וואסער אריַינ. איך קראַקע אהער, איך קראקע אהינ, אונ זיי גייענ ניט, כאָטש טו מיט זיי, וואָס דו ווילסט. אנו, לאָז נאָכאמאָל א קוק טונ! נו, אוואדע! ס'איז אנ אינדיק. אמער פארגעס זיך מיט אים ניט אונ גיי לערנ בעסער דיַינע קינדערלעך שווימענ.

— איך וועל פּרווונ זיצנ כאָטש נאָך איינ ביסעלע, — מאכט די יונגע קאטשקע. — מיילע. איך בינ שוינ אזויפיל אויסגעזעסנ, וועל איך זיצנ נאָך א ביסל.

— נו, זיצ דיר געזונטערהייט! — מאכט די אלטע קאטשקע, אונ זי איז זיך אוועק איר וועג.

ענדלעך האָט אויך דאָס גרויסע איי געפּלאצט.

— פּיפּ, פּיפּ, — האָט זיך דאָס אויפעלע געלאָזט הערנ אונ זיך ארויסגעוואלגערט פונעמ איי. נאָר ווי, ווי גרויס אונ ווי ניט גערעאָטנ! די קאטשקע האָט עס באטראכט א וויַילע.

— ניינ, — מאכט זי, — עס איז דאָך טאקע שרעקלעך גרויס! אונ עס זאָג כאָטש אָנהייבנ זיַינ געראָטנ אינ די איבעריקע! טאָמער איז עס טאקע אנ אינדיק, ווער ווייסט? נאָר איינס צום אנדערנ האָט ניט, אפּדער וואסער וועט עס בא מיר מוזנ זיַינ, סע זאָל מיר אפילע אויסקרמענ עס אראָפּשטופּנ אהינ מיט גוואלד.

דער צווייטער טאָג איז אויסגעפאלנ זייער א שיינער, די גרינע לאָפּוכעס זיַינענ געווענ באגאָסנ מיט אָנ א שיר שיַינ, אונ די קאטשקע האָט זיך אוועקגעלאָזנ מיט איר גאנצנ געזינד צו דעמ ריוו.

פּליוך! — אונ אָט איז זי שוינ אינ דער וואסער.

— קריאק, קריאק, — האָט זי א רופ געטאָנ אירע קינדער, אונ די קאטשקעלעך האָבנ אויך איינס נאָכנ צווייטנ זיך אריַינגעבולקעט אינ דער וואסער אריַינ. פונ אָנפאנג איז די וואסער זיי געווענ איבערנ קאָפּ.

אָבער זיי האָבן זיך גלײַך אַרויסגעטוקט פונדאָרטן און זײַנען אַוועק־געשוווּמען פאָרויס. א פּאַרגעניגן א קוק צו טון. זיי האָבן געאַרבעט מיט די פיסלעך גיך־גיך, און אַלע ביז איינעם זײַנען זיי געווען אויפן וואַסער. אַפילו דאָס גרויע, העסלעכע קאַטשקעלע איז אויך דאָ געווען און איז געשוווּמען ניט ערגער פון די איבעריקע.

— ניין, ס׳איז גאָר ניט קיין אינדיק! — מאַכט די מוטער. — עס רודערט דאָך אַזוי ליב און אַזוי כּיינעוודיק מיט די לאַפּקעלעך! אָט זעט אומיסטן, ווי עס האַלט זיך גלײַך. ניין, ס׳איז מײַנס אַן אייגן קינד. און אַז מע זאָל זיך צו דעם גוט צוקוקן, איז עס שוין גאָר ניט אַזוי העסלעך, ווי מע מאַכט עס אָפּ. נו, קינדער, רירעוודיקער! לעבעדיקער! באַלד גיי איך זיך מיט אײַך ווײַזן פאַר לײַטן. מירן זיך אַוועקלאָזן צום הויף מיט קאַטשקעס. געדענקט נאָר, אַז איר זאָלט זיך האַלטן נעענטער לעם מיר, קיינער זאָל אויף אײַך ניט אָנטרעטן, און דעריקערשט זאָלט איר זיך היטן פאַר דער קאַץ!

אײַנגיכן האָבן זיי זיך דערקליבן צום הויף מיט קאַטשקעס.

מאַמעלעך! ס׳אַרא מין טומל, ס׳אַרא מין געפּילדער! צוויי קאַטשקענע מישפּאָכעס האָבן זיך צעשלאָגן פאַר איין פישן־קעפּל, און אויסגעכאַפּט האָט עס גאָר די קאַץ.

— אַזאַ איז זי שוין, די וועלט! — מאַכט די מוטער און באַלעקט זיך מיטן צונג דעם שנאָבל, ווײַל דאָס פישן־קעפּל האָט איר זייער גוט געשמעקט.

— נו, נו, — מאַכט זי צום קליינוואַרג, — איצט שטעלט פיס. און אַז מירן צוקומען אָן צו יענער אַלטער קאַטשקע, זאָלט איר אַלע א קראַקע טון און זיך פאַרנייגן. זי איז דאָ זייער פאָרנעמלעך. אַליין קומט זי אַרויס פון א שפּאַנישער מישפּאָכע, דערום איז זי אַזוי דיק. איר זעט, אָנאָ דאָס רויטע בענדעלע בא איר אויפן פוס? איאַ, שיין?! דאָס איז די גרעסטע אויסצייכענונג, אַף וועלכער א קאַטשקע קאָן זיך נאָר ריכטן. דאָס איז א סימען, אַז מע וויל זי ניט פאַרלירן. און לויטן דאָזיקן בענדעלע קאָנען סײַ די מענטשן, סײַ די באַלעכאַיִם זי גלײַך דערקענען. א זוויל דערצויגן קאַטשקעלע דאַרף האַלטן אויסגעדרייט די לאַפּקעלעך אַף פאָרויס אָט ווי דער טאַטע מיט דער מאַמען טוען. אָט אַזוי־אָ! געדענקט־זשע! איצט פאַרנייגט אַלע די קעפּעלעך און זאָגט: קראַק!

און די קינדערלעך האָבן אַזוי געטאָן. אָבער די איבעריקע קאַטשקעס

האָבן זיך אהער אומגעקוקט און האָבן זיך אָנגערופן דאפקע אינדער־הייך:

— טאָמער פעלט דיר נאָך א נײַע כאָפּטע! דאָ איז, דוכט זיך, אָן זיי אויך פאראן גענוג. און, פּע! — ווי יענצ־אָ קאטשקעלע זעט עס העסלעך אויס! ניין, מיר קאָנען עס ניט פאַרלײַדן!

און איין קאטשקע איז גלײַך אפן אָרט צוגעפלויגן און דעם געגעבן א פּיק אין העלדזל.

— לאָזט עס צורו, — מאכט די מוטער, — עס האָט אײַך דען עפּעס געטאָן?

— ווער זאָגט דען? — האָט די בייזע קאטשקע א צישע געטאָן. — נאָר עס איז אזוי גרויס און אומגעלומפּערט, דארף מען דעם געבן, עס זאָל האָבן צו געדענקען.

— פּײַנע קינדער בא איר, — מאכט די אלטע קאטשקע מיטן רויטן שמאטקעלע אפן פיסל, — אלע, אלע זייער פּײַנע, אויסער יענעם איינעם, ניט דאָ געדאכט. יענץ איז עפּעס בא דיר ניט געראָטן. איך וואָלט דיר געייצעט, דו זאָלסט עס פּאָשעט איבערמאכן.

— דאָס איז, אײַער איידלקײַט, שוין ניט פון די מעגלעכע זאכן! — מאכט די יונגע מוטער. — עס איז עפּשער ניט אזוי שיין, אָבער עס האָט א גאָלדן הארץ. און שווימען שווימט עס ניט ערגער, איך וואָלט זאָגן, אפילו בע־סער פון אלע איבעריקע. איך פאַרהאָפּ, אז מיט דער צײַט וועט עס זיך א ביסעלע אויסגלײַכן, און עפּשער קלענער ווערן אויך. סע נעמט זיך פון דעם, וואָס איז צו לאַנג געלעגן אינעם איי. דאָס האָט אים א ביסעלע געשאט דערצו. — זי האָט דעם א קעמ געטאָן די פלייטשקע און פאנאנ־דערגעגלעט די פעדערלעך. — דערצו, — זאָגט זי, — איז עס נאָך ניט קיין קאטשקעלע, נאָר א קאטשערל, און א קאטשערל, אויב עס איז ניט אזוי שיין, מאכט אויך ניט אויס. איך מיין, אז ווען עס וועט אויסוואקסן געזונט־טערהייט, וועט עס זיך זײַן שטעטל באשטיין.

— און די אלע איבעריקע קאטשקעלעך זײַנען טאקע זייער כיינעוו־דיק, — האָט די אלטע קאטשקע געענטפערט. — ביטע, פירט זיך, ווי בא זיך אינדערהיים, און טאָמער וועט זיך אײַך פאקן א פישן־קעפּל, פארגעסט עס ניט ברענגען צו מיר.

און די קאטשקעלעך האָבן זיך טאקע גענומען פירן, ווי בא זיך אינ־דערהיים. בלויז דאָס איינע קאטשערל, וואָס האָט זיך אויסגעפיקט שפּע־

טער פֿון די איבעריקע און וואָס האָט אויסגעזען אזוי אומגעלומפּערט. האָט קיינער, קיינער קיין טראָט ניט דורכגעלאָזט אָן קיין קניפּ. ס׳האָבן אים געשטופּט, געקניפּט און געמאכט צום נאר ניט נאָר די קאַטשקעס, נאָר אפילע די הינער.

— אז ער איז צו וווקסיק, — האָבן זיי אלע געטייַנעט.

און דער גאלאגאנסקער האָן, וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט שפּאָרן אף די פֿיס, און דערום האָט ער געמיינט, אז ער איז דער קייסער אליין, האָט זיך אָנגעבלאָזן, און פּונקט ווי א שיף אף אלע זעגלען, איז ער צוגעפֿלויגן צום קאַטשערל, האָט עס געגומענ אָנקוקן און האָט זיך אזוי צעגאָנערט, אז דער קאַמ איז אים אזש פֿארלאָפֿן מיט בלוט.

דאָס אָרעמע קאַטשערל האָט, נעבעך, פּאָשעט ניט געוווסט, ווו מע טוט זיך אהין. באשערט אים געבוירן ווערן אזוי העסלעך, אז דער גאנ־צער הויף מיט אויפעס זאָל אים מאכן צו שאנד און צו שפּאָט.

אזוי איז עס געגאנגען דעם ערשטן טאָג. און וואָס ווייַטער, איז אוועק ־אלץ ערגער. אלע האָבן געטריבן פֿון זיך דאָס אָרעמע קאַטשערל. וואָס דארף מען מער, אפילע די אייגענע שוועסטער און ברידער פלעגן אף אים אויסגלאָצן די אויגן און אים זאָגן: „הוהו! ווען סע רייַסט זיך אויס אף אים כאָטש א קאץ און שלעפּט אים ערגעץ אוועק פֿונדאנען, אָט דאָס פֿארזעעניש!" און טאָמער איז נאָך .ווינציק, איז שוין די מאמע אַליין ניט בעסער: „רוק זיך אָפּ, — שרייַט זי, — איך זאָל דיך דאָ ניט אָנקוקן!" די קאַטשקעס קנייַפּן אים, די הינער פּיקן, און דאָס מיידל, וואָס גיט די אויי־פֿעס עסן, שטויסט אים פּאָשעט אָפּ מיטן פֿוס.

ענדלעך, האָט דאָס קאַטשערל ניט אויסגעהאלטן. ס׳איז אריבער איי־בערן פּלויט און פֿארלאָזט דעם הויף. די קליינינקע פֿייגעלעך האָבן גע־געבן א פֿלי אָפּ פֿון די נאָענטע נעסטן.

„ס׳איז דערפֿאר, וואָס איך בין אזוי העסלעך!" — האָט דאָס קאַטשערל א טראכט געטאָן און זיך אוועקגעלאָזט מיט פֿארמאכטע אויגן אין דער וועלט אריַין. עס איז געלאָפֿן אזוי לאנג, ביז עס האָט זיך געפּאקט אין א גרויסן זומפּ, ווו די ווילדע קאַטשקעס האָבן געוווינט. דאָ איז עס אָפּ־געלעגן די גאנצע נאכט, וואָרעמ עס איז געווען געגוג מיד, און ס׳איז דעם געווען זייער שווער אפן הארצן.

גאנצפֿרי האָבן די ווילדע קאַטשקעס זיך אופגעהויבן פֿון די נעסטן און האָבן דערזען דעם נייַעם כאווער.

— וואָס איז עס פאַר אַ פויגל? — האָבן זיי אײַן איין קאָל אַ פרעג געטאָן.

דאָס קאַטשערל האָט זיך געגומען קניִען און פאַרבייגן אין אַלע זײַטן, ווי עס האָט נאָר געקאָנט.

— אוי, ביסטו מיִעס! — האָבן די ווילדע קאַטשקעס זיך אָנגערופן. — אָבער דאָס גייט אונדז ווינציק וואָס אָן, אַבי סע זאָל דיר ניט אײַנפאַלן מיט אונדז קיין שידעך טון. —

אַזאַ זאַך! ווי קאָן עס אים, נעבעך, גאָר אַרוף אויפן זינען?! זאָלן זיי אים כאָטש נאָר דערלויבן זיך אופהאַלטן דאָ צווישן דעם טשערעט און זיך אָנטרינקען צו זעט מיט דער זומפּיקער וואַסער.

אַזוי איז עס דאָ אָפּגעזעסן צוויי מעסלעס. דעם דריטן טאָג אינדערפרי זײַנען אַהער געקומען צו פליִען צוויי ווילדע געגנדז, ריכטיקער געזאָגט, צוויי גאָנערס. זיי האָבן זיך גאָר ניט לאַנג אויסגעפּיקט פון די אייער, דע־רום זײַנען זיי געווען מיט זיך שטאַרק צופרידן.

— הער נאָר אויס, גוטער־ברודער, — האָבן זיי זיך אָנגערופן צום קאַטשערל. — דו ביסט אַזוי העסלעך און אומגעלומפּערט, אַז וועסט אונדז אין קיין זאַך ניט קאָנען שטערן. עפּשער ווילסטו פליִען מיט אונדז און זײַן אַ וואונדער־פויגל? ניט ווײַט פון דאַנען געפינט זיך אַ צווייטער זומפּ, דאָרטן וווינען ליבינקע ווילדע געגנדזלעך, זיי מאַכן אַזוי שיין: „ראַפּ, ראַפּ!" און אַזאַ מיִעסקײַט, ווי דו... ווער ווייסט? עפּשער וועסטו נאָך פונקט בא זיי אויסנעמען?

— פּיף־פּאַף! — האָט זיך פּלוצעם צעטראָגן איבערן זומפּ, און אין דעם זעלבן אויגנבליק זײַנען ביידע גאָנערלעך אַראָפּגעפאַלן טויטע אינעם טשערעט אַרײַן. די וואַסער איז אַרום זיי געוואָרן בלוט־רויט. פּיף! פּאַף! — האָט זיך אַ צווייט מאָל צעטראָגן, און פון צווישן טשערעט האָט זיך אופגעהויבן אַ גאַנצע שאַרע ווילדע געגנדז. ס'איז געגאַנגען אַ גרויסער געיעג. יעגערס האָבן אַרומגערינגלט דעם זומפּ פון אַלע זײַטן. אייניקע זייערע האָבן זיך אפילע באַזעצט צווישן די ביימער־צווײַגן, וואָס זײַנען אַראָפּגעהאַנגען איבערן זומפּ. דאָ אינעם זומפּ זײַנען שוין אומגעלאָפן די יאַגד־הינט — ליאָפּ־ליאָפּ איבערן זומפּ! דער טשערעט אין די אָסאָקע בייגן זיך הין און הער. דאָס קאַטשערל איז, נעבעך, געווען ניט טויט, ניט לע־בעדיק פאַר שרעק. עס האָט וואָס גיכער געוואָלט פאַרבאַהאַלטן דעם קאָפּ אונטערן פליגעלע, אָבער דאָ איז פונקט אים אַנטקעגן אויסגעוואַקסן אַ

יאגד־הונט מיט אַן אַרויסגעשטעקטן צונג און מיט גלאַנצנדיקע בייזע צוויי אויגן. ער האָט אַ קוק געטאָן אפּן קאַטשערל, האָט אויסגעשטשירעט די שאַרפע ציין און איז — ליאַפּ־ליאַפּ! אַוועקגעלאָפן ווײַטער, דאָס קאַ־טשערל אפילו קיין ריר ניט געטאָן.

— קוים מיט צאָרעס פּאָטער געוואָרן, — האָט דאָס קאַטשערל לײַכט אָפּגעאָטעמט. — איך בין, ווײַזט אויס, אַזוי העסלעך, אַז אפילו קיין הונט וויל מיך ניט בײַסן!

און עס איז זיך געלעגן שטילינקערהייט צווישן דעם טשערעט. די שרויטעלעך האָבן געפּײַפּט באַ דעם איבערן סאַמע קאָפּ, און איין שאָס האָט געקנאַלט נאָכן צווייטן.

ערשט צום סאָף טאָג איז די שיסערײַ אַנשטילט געוואָרן. אָבער דאָס אָרעמע קאַטשערל האָט זיך נאָך לאַנג מוירע געהאַט רירן פון אָרט. ס׳זײַנען דורכגעגאַנגען גוטע עטלעכע שאָ, ביז עס האָט זיך פּאַמעלעכן ארומגעקוקט. דערזען, אַז ס׳איז שטיל, האָט עס זיך געלאָזט לויפן פון דעם זומפּ. עס איז געלאָפן דורך פעלדער און דורך לאָנקעס. ס׳האָט זיך אָבער אופגעהויבן אַ שרעקלעכער שטורעמ־ווינט, און ס׳איז דעם גע־וואָרן שווער אַ טראָט צו מאַכן.

צו נאַכט־צו האָט דאָס קאַטשערל באַמערקט אַן אָרעם, קליין פּויעריש שטיבעלע, וואָס איז געווען אַזוי אַלט, אַז אָט־אָט פאַלט עס אום נאָך גוט, וואָס ס׳האָט ניט געוווסט, אין וועלכער זײַט צו פאַלן, און איבער דעם, קאָן זײַן, האָט זיך עס נאָך געהאַלטן. און דאָ האָט נאָך דער שטור־רעם אַזוי געשטויסן און געשלעפּט דאָס קאַטשערל, אַז עס האָט געמוזט זיך אָנשפּאַרן מיטן עק אין דער ערד, קעדיי זיך אײַנהאַלטן אפּן אָרט.

צום גליק האָט דאָס קאַטשערל באַמערקט, ווי די טיר פונעם שטי־בעלע האָט זיך אַראָפּגעריסן פון איין זאַוויסע און זי העַנגט אַזוי קרום, אַז מע קאָן דורכן שמאָלן שפּאַלט דורכקריכן אינעווייניק.

געקלערט און געטאָן.

אינעווייניק אין שטיבעלע האָט געוווינט אַן אַלטינקע צוזאַמען מיט איר קאָטער און מיט דער הון. דעם קאָטער האָט זי גערופן „זונעלע“. ער האָט געקאָנט אויסבייגן דעם רוקן, מרוקען און אפילו לאָזן פון זיך פונקען. נאָר צוליב דעם האָט מען אים געדאַרפט גלעטן די האָר אַפּצוריק. די הון האָט געהאַט קורצע, קליינע פיס, דערום האָט מען זי

טאקע געראָפֿן „ריזשפּיטעלע". זי האָט געלייגט גוטע אייער, און די אַל־טינקע פֿלעג זי ליב האָבן, ווי אַן אייגענע טאָכטער.

גאַנצפֿרי האָט מען גלײַך באַמערקט דאָס פֿרעמדע קאַטשערל. האָט דער קאָטער אָנגעהויבן מורמלען, און די הון קוואָקען.

— וואָס איז דאָרט? — האָט א פֿרעג געטאָן די אַלטינקע. זי האָט גלײַך א קוק געטאָן אַהער און אַהין און דערזען אין ווינקעלע דאָס קאַטשערל. אָבער אַזוי ווי זי האָט שוין געהאַט א שלעכטע ריִע, האָט זי געמיינט, אַז דאָס איז א פֿעטע קאַטשקע, וואָס איז פֿאַרבלאָנדזשעט געוואָרן.

— אָט דאָס איז א גרויס געפֿינס, — האָט געזאָגט די אַלטינקע, — איצט וועלן מיר שוין האָבן קאַטשענע אייער אויך, אויב דאָס איז נאָר ניט קיין קאַטשער. מיר'ן שוין וועגן דעם זען געוווירע ווערן.

און מע האָט איבערגעלאָזט דאָס קאַטשערל אויף א פּרוּוו. אָבער עס זײַנען דורכגעגאַנגען דרײַ וואָכן, און קיין אייער זײַנען ניטאָ.

אין שטוב איז דער גאַנצער באַלעבאָס געווען דער קאָטער, און די גאַנצע באַלעבאָסטע די הון, און אַלעמאָל, אַז זיי פֿלעגן זיך צערײדן, האָט זיך בא זיי באַקומען „מיר און די וועלט". קלאָר, אַז זיי האָבן געקוקט אויף זיך אַזוי, פּונקט ווי זיי וואָלטן זײַן א העלפֿט פֿון דער וועלט. און דערצו נאָך — די שענערע העלפֿט. דעם קאַטשערל האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מע קאָן נאָך וועגן דעם האָבן אַן אַנדער מיינונג אויך. אָבער די הון האָט עס הערן ניט געוואָלט.

— דו קאָנסט לייגן אייער? — פֿרעגט זי דאָס קאַטשערל.

— ניין.

— טאָ זיץ און שווײַג, אויב אַזוי.

און דער קאָטער פֿרעגט אים:

— דו קאָנסט אויסבייגן דעם רוקן, לאָזן פֿון זיך פֿונקען און מורמלען?

— ניין.

— טאָ רוק זיך ניט, אויב אַזוי, מיט קיין מיינונגען, בעת אַז קלוגע לײַט רעדן.

און דאָס קאַטשערל האָט זיך פֿאַררוקט אין א ווינקל, ווײַל עס האָט שוין זײַנס אָפּגעלייזט.

און ערשט דאָ קומען דעם אַרויף אויפֿן געדאַנק די פֿרישע לופֿט, די גוטע זונען־שײַן. ס'האָט זיך דעם גאָר פֿאַרוואָלט א ביסל שווימען...

אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז עס האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און אויסגעזאָגט עס פאר דער הון.

— וואָס פאלט עס דיר איין? — מאכט צו דעם די הון. — דו האָסט ניט וואָס צו טון, קריכן דיר אזעלכע נארישקייטן אין קאָפּ אריין! הייב אָן לייגן אייער אָדער הייב אָן מורמלען, וועט עס דיר אלץ איבער־גיין.

— ס'דאָך אָבער אזוי ליב צו שווימען אפן וואסער! — מאכט דאָס קאטשערל. — ס'איז אזא פארגעניגן זיך געבן א טוק מיטן קאָפּ אראָפּ און זיך דערגרונטעווען צו דער סאמע טיפּ.

— יאָ, שוין איינמאָל א פארגעניגן, — מאכט די הון. — איך זע, דו ביסט שוין אינגאנצן פון די געדאנקען. טו א פרעג באם קאָטער, ער איז דער קליגסטער פון אלע, וואָס איך האָב אמאָל געזען, זאָל ער זאָגן, צי האָט ער ליב שווימען אָדער זיך טוקן אונטער דער וואסער. פון זיך רעד איך שוין ניט, נאָר טו אפילע א פרעג בא דער אלטער מא־דאם בא אונדזערער, וואָס פון איר קיין קליגערס איז שוין מיסטאמע אפ דער גאנצער וועלט ניטאָ, און זאָל זי דיר זאָגן, צי האָט זי ליב זיך אונטערטוקן מיטן קאָפּ אראָפּ און זיך דערגרונטעווען צו דער סאמע טיפּ.

— איר פארשטייט מיך ניט, — מאכט דאָס קאטשערל.

— אויב מיר פארשטייען שוין דיך ניט, טאָ ווער וועט שוין דיך פארשטיין? וואָסי דען, דיר ווילט זיך עפּשער זיין קליגער פונעם קאָטער און פון אונדזער אלטער מאדאם? פון זיך רעד איך שוין ניט. איי, גיי שוין, קינד אײנס, רעד זיך ניט איין קיין נארישקייטן און זיי דאנקבאר דעם גורל פאר אלץ, וואָס מע האָט מיט דיר געטאָן. אין א ווארעמער שטוב זיצסטו, א פיינע געזעלשאפט, בא וועלכער דו קאָנסט זיך זייער אסאך לערנען, האָסטו! סע גלאט וואָס דו האָסט א גראָבן קאָפּ, און סע לוינט גאָר ניט מיט דיר זיך אזויפיל פארנעמען! מעגסט מיר הייליק גלייבן, אז איך בין דיר א גוטער־פריינט, און דערפאר רעד איך מיט דיר אזעלכע הארבע רייד. אן עמעסן פריינט דערפילט מען נאָר אינדרינען. דו זע, הייב אָן לייגן אייער אָדער לערן זיך אויס מורמלען און לאָזן פונקען.

— איך מיין, אז איך וועל זיך אוועקלאָזן אין דער ווייטער וועלט אריין, — מאכט דאָס קאטשערל.

— געזונטערהייט, — האָט אים די הון געענטפערט.

און דאָס קאַטשערל איז זיך אוועק. עס האָט געהאַלטן אין איין שווימען, עס פלעג זיך אונטערטוקן טיף אונטער דער וואַסער. אָבער אַלע אַרומיקע האָבן סײַווי געלאַכט פון דעם און אַלץ געזאָגט, אַז עס איז העסלעך און אומגעלומפערט.

דערווײַל איז אָנגעקומען דער האַרבסט. די בלעטער אין וואַלד האָבן אָנגעהויבן ווערן געל און ברוין. דער ווינט פלעג זיי האַלטן אין איין אומטראָגן אינדערלופטן. ס'איז שוין אַפילו געוואָרן קאַלט. די שוואַרצע וואָלקנס האָבן אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן אויף דער ערד אײַ שניי, אײַ האָגל, און אויפן פּאַרקן איז געזעסן אַ קראָ און האָט איבער דער קעלט גע־ שריגן ביז אין אַזאַ מין קעלט!

דאָס אָרעם קאַטשערל האָט זיך געפילט גאָר ניט אַזוי פריילעך.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, די זון איז דעמאָלט זייער שיין פאַרגאַנ־ גען, האָט פון יענער זײַט וואַלד זיך געלאָזט פליִען אַ שאַרע גרויסע וווּנדערשיינע פויגלען. אַזעלכע גרויסאַרטיקע פויגלען האָט נאָך דאָס קאַטשערל ניט געזען. זינט עס לעבט. זיי זײַנען געווען אַזעלכע ווײַסע, ווי פריש געפאַלענער שניי, און מיט אַזוינע לאַנגע בייגעוודיקע העלדזער. דאָס זײַנען געווען שוואַנען. זיי האָבן אַרויסגעלאָזט עפּעס אַ ליבן געשריי, האָבן ברייט צענומען זייערע פּרעכטיקע לאַנגע פליגל און זײַנען אַוועקגע־ פלויגן פון דער קאַלטער געגנט אין די וואַרעמע לענדער אַריבער דעם ברייטן יאַם. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן אַזוי הויך, אַז באַם העסלעכן יונגן קאַטשערל האָט זיך אויפגעוועקט אינעווייניק עפּעס אַ מאָדנער מין גע־ ראָד. עס האָט זיך גענומען דרייען אין דער וואַסער רונד אַרום, ווי אַ פלוצעם האָט זיך באַ דעם אַרויסגעריסן אַזאַ מין געשריי, אַז עס האָט זיך מאַמעש אַליין דערשראָקן. אַך, עס קאָן גאָר ניט פאַרגעסן אין די וווּנ־ דערשיינע פויגלען, ווי גליקלעך זיי זײַנען. אַז זיי זײַנען שוין אינ־ גאַנצן פאַרשווּנדן געוואָרן אין דער ווײַט, האָט עס זיך געגעבן אַ טוק אונטער ביזן סאַמע גרונט, דערנאָך איז עס אַרויסגעשווומען און האָט לאַנג ניט געקאָנט צו זיך קומען. עס ווייסט ניט, וויאַזוי זיי הייסן, די דאָזיקע פויגלען, עס ווייסט ניט, וווּהין זיי זײַנען געפלויגן, אָבער עס האָט זיי ליב באַקומען אַזוי, ווי עס האָט נאָך קיין איין זאַך קיינ־

מאָל איז דער וועלט אזוי ניט ליב געהאט. אפֿ דער שיינקייט אפֿ זייערע איז עס זיי ניט מעקאנע. ווי קאָן דעם גאָר איינפאלן זיך ווינטשן אזא פראכט! עס וואָלט געווען מער ווי צופרידן, ווען די קאטשקעס זאָלן עס כאָטש קאָנען פארליידן, דאָס אָרעמע העסלעכע קאטשערל.

און דער ווינטער ווערט אלץ קעלטער און קעלטער. און דאָס קאטשערל מוז אָן אופהער אומשווימען הין און צוריק איבער דער וואסער, קעדיי די וואסער זאָל ניט אינגאנצן פארפרוירן ווערן. אָבער וואָס א נאכט ווייטער, ווערט די פּאָלאָנקע, איבער וועלכער עס שווימט, אלץ קלענער. ס׳פרירט אזוי, אז דאָס אייז קנאקט אויש. דאָס קאטשערל מוז אָן אופהער ארבעטן מיט די פיסלעך, קעדיי די פּאָלאָנקע זאָל זיך ניט פארציען, ביז עס האָט זיך ענדלעך אינגאנצן ארויסגעשלאָגן פון די קויכעס, איז געבליבן שטיל און אזויארום איינגעפרוירן געוואָרן אינעם אייז.

גאנצפרי איז א פויער דורכגעגאנגען פארביי. אז ער האָט דערזען דאָס איינגעפרוירענע קאטשערל, האָט ער מיט זיינע הילצערנע שיך צעקלאפּט דאָס אייז און אָפּגעטראָגן דעם פויגל אהיים צו דער ווייב צו זיינער. דאָ איז דאָס קאטשערל ווידער געקומען צו זיך.

די קינדער האָבן זיך געוואָלט דערמיט שפּילן, אָבער דעם קאטשערל האָט זיך אויסגעוויזן, אז מע וויל עס באליידיקן, האָט עס זיך געגעבן א ריס ארויס און זיך אָנגעשלאָגן אינעם מעלקשעפל מיט מילך. די מילך האָט זיך צעשפּריצט איבערן שטוב. האָט די באלעבאָסטע געמאכט א געשריי און אָנגעהויבן פאָכען מיט די הענט. דאָ האָט דאָס קאטשערל זיך גאָר צעטומלט, ס׳האָט געגעבן א פלי אפן פּוטער־פאס און פונדאָרטן — אין דער דייזשע מיט מעל. נו, נו, עס האָט שוין באקומען דעם עמעסן אויסזען.

די פרוי האָט גענומען שרייען און יאָגן זיך נאָך דעם מיט די פּייער־צווענגעס. די יאטן האָבן זיך געלאָזט לויפן. זיינע געפאלן איינס איבערן צווייטן, געקוועלט און געקוויטשעט, ווילנדיק העלפן כאפּן דאָס קאטשערל. נאָך גוט, וואָס די טיר האָט זיך געעפנט, איז דאָס קאטשערל ארויסגעפלויגן, האָט זיך פארוקט צווישן די קוסטעס גלייך אפן פרישן אויסגעפאלענעם שניי און איז דאָ געבליבן ליגן אינגאנצן פארכאלעשט.

אויסדערציילן אלע צאָרעס, וואָס דאָס קאטשערל האָט געהאט אויסצושטיין דורך דעם דאָזיקן שווערן ווינטער, וועט שוין עפּשער זיין צו־פיל טרויעריק.

געלעגן איז דאָס קאטשערל אין זומפּ צווישן דעם טשערעט, ווען די

זונ האָט ווידער גענומענ ווארעמענ אונ שײַנענ. די לערכנ האָבנ גענומענ זינגענ. ס׳איז געקומענ דער שיינער אונ ליבער פרילינג.

דאָס קאטשערל האָט פארהויבנ די פליגל אונ זיכ געלאָזט פליִענ. די פליגל, האָט דאָס קאטשערל געפילט, זײַנענ בא דעם געוואָרנ אסאכ קרעפ־טיקער, ווי פריִער; זיי האָבנ זיכ צערוישט אונ האָבנ עס פלינק אוועקגע־טראָגנ פאָרויס. עס האָט זיכ אפילע ניט באוויזנ ארומקוקנ, ווי עס איז שוינ געווענ אינ א גרויסנ ביימער־גאָרטנ. די עפל־ביימער האָבנ געהאלטנ אינ בעסטנ בליִענ. דער שמעקנדיקער בעז האָט געבויגנ זײַנע לאנגע גרינע צווײַגנ איבער דעם שלענגלענדיקנ ריוו. אכ, ווי שיינ דאָ איז, ווי גוט עס שמעקט מיט פרילינג!

פלוצעם זײַנענ ׳פונ צווישנ די קוסטנ ארויסגעשווומענ דריי פרעכטיקע ווײַסע שוואנענ. זיי זײַנענ געשווומענ אזוי שלאנק אונ אזוי גרינג, פונקט ווי זיי וואָלטנ זיכ געגליטשט איבער דער וואסער. דאָס קאטשערל האָט דער־קענט די פייגל, אונ ס׳האָט דעם ארומגעכאפט א ווונדערלעכע בענקשאפט.

— איכ וועל צופליִענ צו זיי, צו די דאָזיקע גרויסארטיקע פייגל. זיי וועלנ מיכ זיכער טייטנ אונ הארגענענ דערפאר, וואָס איכ, אזא העסלעכ באשעפעניש, דערוועג זיכ צו זיי דערנעענטערנ! אָבער עס מאכט ניט אויס. בעסער בא זיי געהארגעט ווערנ, איידער דערלאָזנ, די קאטשקעס זאָלנ מיכ קנײַפנ, די הינער זאָלנ מיכ פיקנ אונ די אופזעערנ זאָל מיכ שטויסנ מיטנ פוס; בעסער, איידער לײַדנ ווינטער הונגער אונ קעלט.

אונ עס איז צוגעפלויגנ צו דער וואסער אונ זיכ געלאָזט שווימענ צו די פרעכטיקע שוואנענ, וואָס האָבנ זיכ צעפאָכעט מיט די פליגל אונ זײַ־נענ דעם ארויס אנטקעגנ.

— הארגעט מיכ! — מאכט דאָס אָרעמ קאטשערל; אונ עס לאָזט אראָפ דעם קאָפ צו דעם וואסער־פלאכ אונ ווארט שוינ אפנ טויט. אָבער וואָס זעט עס אינ דער ריינ־קלאָרער וואסער? עס זעט דאָכ זיכ אליינ. אונ עס איז שוינ ניט קיינ העסלעכ טונקל־גרוי קאטשערל. ניינ, עס איז אליינ א ווײַסער שיינער שוואנ.

ס׳ארט אימ שוינ ניט, וואָס ער האָט איבערגעטראָגנ אזויפיל פײַנ אונ נויט. ער האָט זיכ זייער אסאכ אָנגעליטנ, דערום איז אימ איצטער גרינ־גער אָפצושאצנ זײַנ גליק אונ פראכט, מיט וועלכנ ער איז איצט ארומ־גערינגלט. אונ די גרויסע שוואנענ שווימענ ארומ אימ אונ גלעטנ אימ מיט זייערע שנאָבלענ.

דערווײַל זײַנענ געקומענ צו לויפנ אינ סאָד ארײַנ קליינע קינדער. זיי האָבנ גענומענ ווארפנ אינ וואסער ארײַנ ברעקלעכ ברויט אונ קערנדלעכ טווּע.

— אָט איז א נײַינקער, — האָט דאָס קלענסטע יינגעלע פלוצעמ אויסגעשריִענ.

די איבעריקע קינדער האָבנ אויכ אונטערגעכאפּט:

— יאָ, יאָ, א נײַינקער איז געקומענ.

די קינדער האָבנ געפּליעסקעט מיט די הענט פאר פרייד, דערנאָכ זײַנענ זיי אוועקגעלאָפנ נאָכנ טאטנ מיט דער מאמענ, אונ זיי האָבנ גענומענ ווארפנ ברעקלעכ ברויט אונ קוקנ אינ דער וואסער ארײַנ. אונ סײַ די קינדער, סײַ די עלטערע האָבנ געזאָגט:

— דער נײַער איז שענער פונ אלע! אזוי יונג איז ער אונ אזוי וווּנדערשיינ.

אונ די אלטע שוואנענ האָבנ פארנויגט פאר אימ די קעפּ.

ער האָט זיכ אזוי פארשעמט, אז ער האָט אזש באהאלטנ דעמ קאָפּ אונטערנ פליגל, אליינ ניט וויסנדיק פארוואָס. ער האָט זיכ דערמאנט אינ דער צײַט, ווענ אלע האָבנ אימ געטריבנ אונ געלאכט פונ אימ. אונ איצטער זאָגנ אלע, אז צווישנ די שיינע שוואנענ איז ער דער סאמע שענסטער. דער בעז האָט געבויגנ צו אימ אינ וואסער ארײַנ זײַנע שמעקנדיקע צווײַגנ, אונ די זונ האָט געלויכטנ אזוי ווארעמ אונ אזוי מילד... דאָ האָט ער זיכ צערוישט מיט זײַנע פליגלענ, דער שלאנקער האלדז האָט זיכ אויסגעצויגנ אונ פונ דער פולער ברוסט האָט זיכ בא אימ ארויסגעריסנ א יובל־געשריי:

— אָ, ניינ! וועגנ אזא גליק האָב איכ אפילע טרוימענ ניט געקאָנט.





# דעם קייסערס נײַע קלייד



וין לאנג, מיט אסאך יאָרן צוריק, האָט געלעבט אין א לאנד א קייסער. דער דאָזיקער קייסער האָט זיך אזוי ליב געהאַט פוצן, אז דאָס גאנצע געלט זײַנס—איז בא אים אוועקגעגאנגען אף קליידער. אויב ער פלעג מאכן אָפּטער פאראדן אָדער שפּאצירן, און אויב ער פלעג אלע טאָג גײן אין טעאַטער, איז עס אויך געווען נאָר צוליב דעם, קעדיי ער זאָל זיך קאָנען ווײַזן אין זײַנע נײַע קליידער. און איין קלייד איז טאקע בא אים געווען שענער פונעם צווייטן. פאר יעדער שאָ האָט ער געהאַט א באַזונדער קלייד צום איבערטאָן. און אויב מע פלעגט אָפּט זאָגן וועגן אנדערע קייסאָרים: „דער קייסער באַראַט זיך מיטן סענאַט", פלעג מען וועגן דעם דאָזיקן קייסער זאָגן: „זײַן מאיעסטעט טוט זיך איבער".

אין דער הויפּטשטאָט, וווּ דער קייסער האָט געוווינט, האָט זיך טאקע געלעבט זייער פריילעך, און יעדער טאָג פלעגן אהין אָנפאָרן פרישע מענטשן פון אנדערע לענדער. אין איינעם א טאָג זײַנען אראָפּגעקומען

אהער אין דער הויפּטשטאָט צוויי שווינדלער. די שווינדלער האָבן געמאָלדן, אַז זיי זײַנען באַרימטע וועבער און זיי קאָנען צוגרייטן אַזאַ מין וווּנדערלעכן צײַג, וואָס קיין בעסערס פון דעם איז גאָר ניט געמאָלט. ניט נאָר דער מוסטער מיט די פאַרבן זײַנען דאָ אויסטערליש שיין, נאָר דאָס צײַג גופא האָט נאָך איין גוואַלדיק וווּנדערבאַרע אייגנשאַפט: פאַר מענטשן, וואָס זײַנען ניט אָנגעמאָסטן צו זייער אַמט, וועלכן זיי פאַרנעמען, און פאַר מענטשן, וואָס זײַנען אומדערלאָזבאַר נאַריש, ווערט דאָס צײַג אינגאַנצן ניט אָנזיכטיק.

„אָט דאָס געפעלט מיר דאַפקע.— האָט דער קייסער אַ קלער געטאָן,— פון איין זײַט וועט בײַ מיר צוקומען אַ נײַ שיין קלייד, און פון דער צווייטער וועל איך האָבן די מעגלעכקײַט זיך דערוויסן, וועלכע לײַט בײַ מיר אין לאַנד זײַנען ניט אָנגעמאָסטן פאַר דעם אַמט, וואָס זיי פאַרנעמען. דערצו וועל איך נאָך אויך קאָנען אונטערשיידן, ווער ס׳איז קלוג, און ווער ס׳איז נאַריש. יאָ, זאָלן זיי וואָס גיכער אויסוועבן פון מײַנעטוועגן דאָס וווּנדערבאַרע צײַג".

אין דער קייסער האָט געגעבן בײדע שווינדלער דעם שיינעם אויפגאַב. אַז זיי זאָלן זיך שוין טאַקע גלײַך אָפּן אָרט נעמען צו דער אַרבעט.

די שווינדלער האָבן אוועקגעשטעלט אין פּאַלאַץ צוויי גרויסע וועבשטולן, האָבן זיך באַזעצט און גענומען מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי וועבן. אָבער לעם די וועבשטולן האָבן זיי גאָרניט ניט געהאַט. דאָרט איז אַפילו קיין איין פעדעמל ניט געלעגן, און קיין איין שטיקעלע געוועב. טאָג אין טאָג האָבן די שווינדלער געפאָדערט צו דער אַרבעט די דינסטע זײַדענע און גאָלדענע פעדעם. דאָס אַלץ פלעגן זיי לייגן צו זיך אין די קעשענעס אַרײַן און ווײַטער זיצן לעם די ליידיקע וועבשטולן און מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי אַרבעטן פון קאַיאָר ביז שפּעט אין דער נאַכט.

איינמאָל האָט זיך דעם קייסער פאַרוואָלט אַ קוק טון, ווי האַלטן זיי דאָרטן מיט דער אַרבעט, אָבער ער האָט זיך דערמאָנט וועגן דער אייגנשאַפט פון דעם צײַג, אַז סע וועט זיך ניט ווײַזן צו דעם, וואָס איז ניט צוגעפּאַסט צו זײַן אַמט, אָדער צו דעם. וואָס איז זייער נאַריש, האָט ער זיך דערפילט אַ ביסל ניט מיט אַלעמען. דאָס הייסט... פאַר זיך האָט ער אַפילו ניט וואָס מורא צו האָבן, נאָר... זאָל פֿונדעסטוועגן פריער אַ קוק טון עמעצער אַנדערש.

„איך קאָן שיקן אהין מײַן אלטן, ערלעכן מיניסטער, — האָט דער קייסער א קלער געטאָן. — ווער־ווער — ער וועט שוין דאָס צײַג געוויס דערזען: קלוג איז ער, און צו זײַן אמט פאסט ער זיך אויך אײַן בעסער פון אלע איבעריקע".

דער אלטער מיניסטער איז ארײַן אין זאל, וווּ די צוויי שווינדלער זײַנען געזעסן לעם זייערע ליידיקע וועבשטולן.

„וואָס טוט זיך עס מיט מיר? — האָט דער מיניסטער א טראכט געטאָן, — איך, דער ערשטער, זע שוין גאָרניט".

אָבער ער דערוועגט זיך עס ניט ארויסזאָגן אינדערהייך.

די שווינדלער האָבן אים זייער איידל פארבעטן, ער זאָל צוגיין נעענטער און זאָגן, ווי געפעלן אים די געמעלן און די שיינע פארבן, און ביים־מײַסע געוויזן אפ די ליידיקע וועבשטולן. דער מיניסטער האָט נעבעך געגלאָצט מיט די אויגן אין אלע זײַטן, ער האָט פאָרט גאָרנישט ניט געזען, וואָרעם דאָרט איז דאָך טאקע גאָרנישט ניט געווען.

— צי דען בין איך טאקע אזוי נאריש? — האָט דער מיניסטער א שעפּטשע געטאָן צו זיך אליין. וואָס־וואָס — דאָס איז מיר גאָר קיינמאָל אפן געדאנק ניט ארופגעקומען! גאָט באהיט, ווען עמעצער זאָל זיך וועגן דעם דערוויסן. און עפשער בין איך גאָר ניט צוגעפאסט פאר מײַן אמט?.. יאָ, סע וואָלט שוין מער ניט געפאסט, איך זאָל אליין מודה זײַן, אז איך זע ניט דאָס צײַג.

— פארוואָס־זשע הערן מיר ניט, איר זאָלט עפּעס זאָגן? — פרעגט ווידעראמאָל איינער פון די וועבער.

— אָ, ס׳איז גוואלדיק שיין! — האָט דער אלטער מיניסטער געענטפערט און געהאלטן אין איין קוקן דורך זײַנע ברילן אפן ליידיקן וועבשטול. — דער געמעל איז זייער א שיינער, און די פארבן — אויסגעצייכנט. יאָ, יאָ, איך וועל איבערגעבן דעם קייסער, אז אײַער ארבעט האָט בא מיר זייער אויסגענומען.

— דאָס פרייט אונדז גוואלדיק! — האָבן ביידע שווינדלער געענטפערט און האָבן פונסנײַ גענומען פארלויבן די שיינע געמעלן אפ זייער צײַג.

דער אלטער מיניסטער הערט זיך דערווײַל אײַן מיט קאָפּ, קעדיי ער זאָל עס גוט פארגעדענקען און וויסן, וויאזוי עס איבערדערציילן פארן קייסער.

און ער האָט עס מאַקע אַלץ איבערגעגעבן וואָרט בײַ וואָרט.
דערווײַל האָבן שוין די שווינדלער געמומען פאָדערן נאָך מער זײַד
און נאָך מער גאָלד. די קעשענעס זײַנען בײַ זיי געווען אָנגעשטאָפּט
מיט די טײַערסטע שטאָפן, און אויף דער אַרבעט האָבן זיי ניט פאַרנוצט
אַפילו קיין איין פעדעמל.
אין עטלעכע טעג אַרום שיקט דער קייסער אַהין אַ צווייטן עלטסטן
און מיט אים איז פאָרגעקומען פּונקט דאָס זעלבע, וואָס מיטן ערשטן.
ער האָט שוין דאָרטן אויסגעקוקט ווי אַ שפּאַרונקעלע, אָבער אויסער
די ליידיקע וועבשטולן האָט ער גאָרנישט ניט געזען.
— נו, געפעלט אײַך עפּעס אונדזער אַרבעט? — פרעגן אים די שווינד־
לער און צייגן אים די הענט אינדערלופטן, פּונקט ווי זיי וואָלטן אונטער־
געהאַלטן אַ גרויסן שטיק שיינעם צײַג.
„פאַר קיין נאַר האָב איך זיך קיינמאָל ניט געהאַלטן, — קלערט דער
עלטסטער צו זיך אַליין. — אויב אַזוי, בלײַבט דאָס צווייטע. אַז איך בין
ניט צוגעפּאַסט צו מײַן שטעלע? נו, דאָס איז שוין גאָר ניט פון די גוטע
זאַכן. און זיך מודה זײַן איז אַזעלעכס טויג אויך ניט".
וואָס־זשע האָט ער געטאָן — האָט ער גענומען פאַרלויבן די סכוירע,
וועלכע ער האָט ניט געזען, און ער האָט גענומען קלײַבן היספּײַלעס
פון די געמעלן, וואָס זײַנען דאָ ניט געווען.
און צום קייסער האָט ער אויך געבראַכט דעם זעלבן גרוס:
— שיין, וואָס מע דאַרף ניט בעסער, און ליב, וואָס ליבער קאָן ניט זײַן.
אינגיכן האָט זיך די נײַס וועגן דעם וווּנדערלעכן צײַג צעטראָגן
איבער דער גאַנצער שטאָט.
ענדלעך האָט זיך שוין דעם קייסער אַליין פאַרוואָלט אָנקוקן דעם
זעלטענעם שטאָף, איידער מע האָט אים נאָך אַראָפּגענומען פונעם וועב־
שטול. און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט מיט אַ גאַנצער סוויטע עלטסטע
און הויפלײַט אין זאַל אַרײַן צו די וועבערס. צווישן דער סוויטע האָבן
זיך אויך געפונען יענע צוויי עלטסטע, וואָס האָבן שוין איין מאָל די
שווינדלער באַזוכט. און די שווינדלער זיצן זיך דערווײַל אין זייער
זאַל און וועבן אויף די ליידיקע וועבשטולן, אַז אַ רויך גייט
— שיין, ווי גאָלד, אַ־יאָ? — מאַכן די ערשטע צוויי עלטסטע. — אַנו,
קוקט אַליין, ס'אַרא רײַכקײַט, ס'אַרא פאַרבן!..
און זיי האָבן געטייטשעט מיט די פינגער צום ליידיקן וועבשטול, ווײַל

אינ־הארצ האָט יעדערער פונ זיי מוירע געהאַט, אז נאָר ער זעט ניט דאָס צײַג, אָבער אַלע איבעריקע זעענ עס זייער גוט.

„וואָס זאָל דאָס באַטײַטנ?"—האָט דער קייסער א טראַכט געטאָנ צו זיך אַליינ.—"איך, דעמ עמעס געזאָגט, זע גאָרניט! אָבער דאָס איז דאָך זייער שרעקלעך! צי דענ בינ איך אזא גרויסער נאַר? אונ עפשער... עפשער טויג איך פּאָשעט ניט פאַר קיינ קייסער? אָ, דאָס איז דאָך שוינ גאָר שרעקלעך!"

— המ־המ!—האָט זיך דאַנ דער קייסער אָנגערופנ, אז אַלע זאָלנ הערנ.—גאַנצ פײַנ. די סכוירע האָט די ווערט צו באַקומענ מײַנ אַלער־העכסטע אָנערקענונג.

אונ ער שאָקלט צופרידנ מיטנ קאָפּ אונ האַלט אינ איינ באַטראַכטנ דעמ ליידיקנ וועבשטול.

די קייסערלעכע כוויטע איז געשטאַנענ אונ געגלאָצט מיט די אויגנ. זיי האָבנ אַלע געזעענ ניט מער, ווי זייער הערשער, אָבער אויך זיי האָבנ אַלע אינ איינ קאָל געטײַנעט:

— יאָ. ס'איז גוואַלדיק שיינ! זייער פּרעכטיק!—אונ זיי האָבנ געייצעט דעמ קייסער, ער זאָל פונעמ דאָזיקנ צײַג זיך אומבאַדינגט אופנייענ א קלייד צו דער פײַערלעכער פּראָצעסיע, וואָס דאַרפ אינגיכנ פאָרקומענ. די ווערטער „שיינ, ווי גאָלד", „פּרעכטיק" זײַנענ געגאַנגענ פונ מויל צו מויל. דער קייסער האָט אַרויסגעגעבנ ביידע שווינדלער צו אָרדנס, אונ ער האָט זיי באַשענקט מיטנ טיטל—,וועבער פונ זײַנ מאַיעסטעט!

די גאַנצע נאַכט ערעוו דער פײַערלעכער פּראָצעסיע זײַנענ די שווינדלער אופ געוועזנ בא דער אַרבעט. זיי האָבנ אויסגעברענט העכער זעכצנ ליכט, קעדיי דער קייסער זאָל אפּ מאָרגנ האָבנ פאַרטיק דאָס קלייד. זיי האָבנ געמאַכט דעמ אָנשטעל, אז זיי נעמענ אַראָפּ דאָס צײַג פונ די וועבשטולנ אונ זיי שנײַדנ עס צו מיט א גרויסער שער. דערנאָך האָבנ זיי גענומענ נייענ פאַרנ קייסער דאָס נײַע קלייד מיט נעדעלעך אונ פאָדעמ. אזוי לאַנג, אזוי בּרייט, ביז זיי האָבנ ענדלעך געמאָלדנ:

— פאַרטיק!

דער קייסער מיט זײַנע באַשעווסטע לײַט זײַנענ גאַנצפרי געקומענ אָפּנעמענ די אַרבעט. די שווינדלער האָבנ זיי אונטערגעטראָגנ ליידיקע אונטערגעהויבענע הענט אונ געזאָגט:

— ביטע זייער, אײַער מאַיעסטעט,—אָט האָט איר די הויזנ, אָט איז

דאָס װעסטל אונ אָט איז דער ראָק. קלײדער שױנ אײנמאָל! גרינג, װי שפּינװעבס, איר װעט אפּילע ניט פילנ, אז איר האָט אפּ זיכ עפּעס אָנגעטאָנ.

— יאָ, װירקלעכ, — האָבנ די הױפלײַט נאָכגעזאָגט. אָבער זײ האָבנ גאָרנישט ניט געקאָנט זענ, װאָרעמ עס איז דאָרטנ גאָרנישט ניט געװענ.

— איצט װעט איר זײַנ אזױ גוט, אײַער מאיעסטעט, אונ אלערגנעדיק אראָפּציִענ אײַערע קלײדער. עפּשער װעט איר זיכ שטעלנ אהער פארנ גרױסנ שפּיגל, — האָבנ זיכ די שװינדלער געװענדעט צומ קײסער.

דער קײסער האָט אראָפּגענומענ פונ זיכ זײַנע מאלבושימ, אונ די שװינדלער האָבנ זיכ א נעמ געטאָנ אימ אױספּוצנ. זײ האָבנ געמאכט דעמ אָנשטעל, אז זײ טוענ אימ אָנ פריִער די הױזנ, דערנאָכ דאָס װעסטל אונ ענדלעכ דעמ ראָק, זײ האָבנ געמאכט דעמ אָנשטעל, אז זײ פארשפּיליענ אימ די קנעפּלעכ אונ בינדנ אימ אױס די באנטיק־לעכ. דערנאָכ האָבנ זײ ברײט צענומענ די הענט אונ א פאָכע געטאָנ אפנ קײסער, פונקט װי זײ װאָלטנ אפּ אימ אָנגעװאָרפנ זײַנ קײסער־לעכע מאנטיע מיטנ שלײפ.

אונ דער קײסער האלט זיכ אינ אײנ דרײענ פארנ שפּיגל.

— אכ, װי שײנ די קלײדער ליגנ אפּ זײַנ מאיעסטעט, װי אױסגע־גאָסנ! — האָבנ די הױפלײַט זיכ גענומענ שושקענ צװישנ זיכ. — הײַנט די געמעלנ! אונ די שײנע פארבנ! סע פארכאפּט דאָכ מאמעש דאָס אױג.

— לעמ טיר שטײענ שױנ די דינער מיטנ באלדאכינ! — האָט דער אָבערצערעמאָניאַל־מײַסטער געמאָלדנ.

— נו, איכ בינ שױנ פארטיק, — האָט דער קײסער געענטפערט. — װיאַזױ־זשע ליגט עפּעס אפּ מיר דאָס קלײד? נישקאָשע?

אונ ער האָט זיכ װידעראמאָל א דרײ געטאָנ פארנ שפּיגל, האָט זיכ װידעראמאָל באטראכט פונ קאָפּ ביז די פיס, זאָלנ אלע מײנענ, אז ער זעט פאר זיכ א קלײד, אונ אז ער האָט דאָ װאָס צו באטראכטנ.

די קאמערהערנ, װאָס האָבנ געדארפט נאָכטראָגנ דעמ שלײפ פונעמ קײסערס מאנטיע, האָבנ געמאכט דעמ אָנשטעל, אז זײ הײבנ עפּעס אופּ פונעמ דיל, אונ זײ זײַנענ אװעק נאָכנ קײסער. די הענט האָבנ זײ גע־האלטנ אױסגעשטרעקט, פונקט װי זײ טראָגנ עפּעס — זײ װעלנ זיכ דאָכ ניט דערװעגנ אױסזאָגנ אָדער לאָזנ דערקענענ, אז זײ האָבנ ניט װאָס צו טראָגנ.

אונ דער קײסער איז אװעק אינ שפּיצ פונ דער פײַערלעכער פּראָצעסיע,

באַדעקט מיטן פּרעכטיקן באַלדאַכין. און אַלע מענטשן, וואָס זײַנען געווען אויף דער גאַס און וואָס האָבן געקוקט דורך די פֿענצטער, האָבן אויך געזאָגט:

— אַך, ס׳אַראַ שיין קלייד, ס׳אַראַ מין פּרעכטיקע מאַנטיע. און ווי עס פּאַסט אים דער שלייף!

קיינער איינער האָט זיך ניט געפֿונען, וואָס זאָל מודה זײַן, אַז מ׳זעט גאָרניט, וואָרעם אויב אַזוי, איז ער דאָך ניט אָנגעקומען פֿאַר זײַן אַמט, אָדער ער איז שרעקלעך נאַריש.

און קיין איין קלייד דעם קייסערס האָט נאָך ניט געהאַט אַזאַ מין דערפֿאָלג, ווי דאָס דאָזיקע.

פּלוצעם שטופּט זיך דורך פֿאָרויס עמעצנס אַ קינד און שרײַט אויס הויך אויף אַ קול:

— אוי, ער איז דאָך אינגאַנצן נאַקעט!

— גאָט מײַנער, — האָט זיך דעם קינדס פֿאָטער אָנגערופֿן, — הערט נאָר, וואָס אַן אומשולדיק קינד האָט נאָרוואָס געזאָגט. — און ער האָט גלײַך איבערגעגעבן די ווערטער אַ צווייטן און אַ דריטן.

— ער איז אינגאַנצן נאַקעט, — האָט אַ קליין קינד נאָרוואָס געזאָגט — אינגאַנצן נאַקעט.

— יאָ, ער איז דאָך טאַקע אינגאַנצן נאַקעט, — האָט זיך מיטאַמאָל דאָס גאַנצע פֿאָלק צעשריגן.

דעם קייסער האָט עס אַ כאַפּ געטאָן פֿאַרן האַרצן, וואָרעם ער פֿילט, אַז זיי זײַנען אַלע גערעכט, נאָר ער קלערט צו זיך אַליין:

— די פּראָצעסיע מוז מען דאָך דערפֿירן ביזן סאָף.

דערום איז ער נאָך שטאָלצער, מאַיעסטעטישער געגאַנגען פֿאָרויס, און די קאַמערהערן האָבן אים נאָכגעטראָגן דעם שלייף, וואָס איז גאָר קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען.





# דער סאָלאָוויי



ינ כינע, ווייסטו דאָכ מיגאסטאָמע, איז דער קייסער
א כינעזער, אונ אלע איבעריקע ארומ אימ זײַנענ אויכ
כינעזער.

דאָס איז פאָרגעקומענ מיט פיל־פיל יאָרנ צוריק. נאָר
טאקע דערפאר איז קעדײַ אויסצוהערנ די דאָזיקע געשיכ־
טע, קאָלזמאנ זי איז נאָכ אינגאנצנ ניט פארגעסנ געוואָרנ.
מע זאָל אויספאָרנ די וועלט, וועט מענ ניט געפינענ דעמ צווייטנ
פאלאצ, וואָס זאָל זײַנ אזוי פרעכטיק, ווי דעמ כינעזישנ קייסערס פא־
לאצ. ער איז אינגאנצנ געווענ געמאכט פונ איידעלנ פאָרצעלײַ אונ איז
געווענ אזוי איידל אונ אזוי ברוכיק, אז מע האָט זיכ אפילע ניט גע־
טאָרט צו אימ צורירנ.

געשטאנענ איז דער פאלאצ ינ א פרעכטיקנ גאָרטנ, ווו עס זײַנענ
געוואקסנ ווונדערבארע בלומענ. צו די סאמע איידלסטע בלומענ האָט

מענ צוגעבונדנ זילבערנע גלעקעלעכ, אונ בא יעדנ לײַכטנ ווינטעלע פלעגנ זיכ די בלומענ צעוויגנ, אונ די גלעקעלעכ — צעקלינגענ. דאָס האָט מענ אומיסטנ צוליב דעמ צוגעטראַכט, אז טאָמער וועט עמעצער דורכגײנ פאַרבײַ די בלומענ, זאָל ער ניט פאַרגעסנ זיכ אָפּשטעלנ אונ א קוק טונ. דאַפקע ניט שלעכט צוגעטראַכט.

דער גאָרטנ האָט זיכ געצויגנ ווײַט־ווײַט, אזוי ווײַט, אז אפילע דער גערטנער אלײנ האָט ניט געוווּסט, ווו ער ענדיקט זיכ. אונ אז מע גײט מיטנ גאָרטנ אזוי ווײַטער אונ ווײַטער, קאָנ מענ פאַרגײנ צו א טיפנ וווּנדערשײנעמ וואַלד מיט הויכע צעצווײַגטע בײמער אונ מיט אסאַך אָזערעס אינדערמיט; אונ דער וואַלד אלײנ ציט זיכ אזוי ווײַט, ביז ער לאָזט זיכ אראָפּ צומ סאמע יאמ. גרויסע שיפנ פלעגנ דורכשווימענ אונטער די צווײַגנ, וואָס זײַנענ אראָפּגעהאנגענ איבער דער וואסער. דאָ אינ וואלד האָט באמ סאמע ברעג יאמ געלעבט א סאָלאָווײ, וואָס האָט אזוי וווּנדערלעכ געזונגענ, אז אפילע דער אָרעמער פישער, וואָס האָט אפּ זיכ געענוג זאָרגנ, פלעג שטיל בלײַבנ ליגנ אונ פאַרגעסנ אינ דער נעצ, וואָס ער דאַרפ פאַרוואַרפנ, אונ זיכ נעמענ אײַנהערנ.

— אכ, סע איז דאָכ וווּנדערשײנ! — פלעג דער פישער א זאָג טונ צו זיכ אלײנ. אָבער אזויווי ער האָט נאָכ געדאַרפט ארבעטנ, פלעג ער זיכ נעמענ צו דער ארבעט אונ פאַרגעסנ אינעמ פויגל. נאָר אז סע איז געקומענ די צווײטע נאכט אונ דער פויגל האָט זיכ ווײַטער צעזונגענ, פלעג דער פישער ארויסגײנ אונ זאָגנ ווידער דאָס זעלבע:

— אכ, סע איז דאָכ וווּנדערשײנ!

פונ אלע עקנ וועלט פלעגנ רײַזנדער קומענ צו פאָרנ אהער אינ דער הויפּטשטאָט. אלע האָבנ באַוווּנדערט דעמ קײסערס פּרעכטיקנ פּאַלאַצ אונ דעמ טײַערנ גאָרטנ. נאָר אז סע פלעג זיכ זײ אײַנגעבנ הערנ דעמ סאָלאָווײ זינגענ, האָבנ זײ געזאָגט אלע אינ אײנ קאָל: „אָבער דאָס איז נאָכ בעסער פונ אלצ!"

אונ דערנאָכ פלעגנ די רײַזנדער דערצײלנ וועגנ דעמ אלעמענ בא זיכ אינדערהײמ, אונ די געלערנטע פלעגנ באשרײַבנ די כינעזישע הויפּטשטאָט מיטנ קײסערלעכנ פּאלאצ אונ מיטנ גאָרטנ. דערבײַ פלעגנ זײ קײנמאָל ניט דורכלאָזנ די געלעגנהײט צו דערמאנענ דעמ סאָ־לאָווײ. נאָכמער, זײ פלעגנ אימ שטעלנ העכער פונ אלצ. אונ די, וואָס האָבנ געקאָנט שרײַבנ פּערזנ, האָבנ צונויפגעשטעלט וועגנ דעמ פליגל־

דיקן זינגער, באַם ברעג פֿון טיפֿן יאַם, די שענסטע און דערהויבנסטע לידער.

די בּיכער זײַנען זיך צעגאַנגען איבּער דער גאַנצער וועלט. און אײן־מאָל האָט געטראָפֿן, אַז אײניקע בּיכער זײַנען דערגאַנגען אויך אַהער און זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿונעם כינעזישן קייסער אַלײן. דער קייסער איז געזעסן אויף זײַן גאָלדענעם שטול, האָט געלייענט און געשאָקלט מיטן קאָפּ. ס'איז אים געווען זייער ליב די מעשׂה, וואָס זײַנען אויסגעפֿעלן. „נאָר ליבּער פֿון אַלץ איז פֿאָרט דער סאָלאָוויי", — האָט זיך דאָרטן געשריבּן.

— וואָס איז דאָס? — מאַכט דער קייסער. — דעם סאָלאָוויי קען איך דאָך אַפֿילע ניט. — ווי איז עס געהערט געוואָרן אַזעלעכס, אַז אַזאַ פֿויגל זאָל וווינען בּײַ מיר אין מײַן קעניגרײַך, נאָך בּעסער — בּײַ מיר אין מײַן גאָרטן, און איך זאָל פֿון אים ניט וויסן! איך מוז עס גאָר אויסלייענען אין פֿרעמדע בּיכער?!

און ער האָט געהייסן, מע זאָל אים אַ רוף טון זײַן ערשטן מיניסטער. אָט דער מיניסטער איז געווען אַזוי גרויס בּײַ זיך, אַז אויבּ אַ קלענערער עלטסטער האָט זיך צו אים אָנגערופֿן, אָדער ער האָט זיך דערוועגט בּײַ אים עפּעס אַ פֿרעג טון, פֿלעגט ער יענעם מער ניט ענטפֿערן ווי נאָר: „פֿפֿ". און דאָס הייסט דאָך גאָרנישט ניט געזאָגט.

— דאָ דאַרף ערגעץ זײַן אַן אויסטערלישער פֿויגל, — האָט געזאָגט צו אים דער קייסער. — מע רופֿט אים סאָלאָוויי. מע זאָגט, אַז דאָס איז דאָס סאַמע פֿײַנסטע, וואָס מײַן קעניגרײַך פֿאַרמאָגט. פֿאַרוואָס האָט מיר נאָך קיינער בּיז איצט וועגן דעם ניט געמאָלדן?

— אײַער מאַיעסטעט, — האָט זיך דער ערשטער מיניסטער פֿאַרנייגט. — אַזאַ נאָמען הער איך דאָס ערשטע מאָל. ער איז פֿאָשעט בּיז איצט נישט פֿאָרגעשטעלט געוואָרן פֿאַרן הויף.

— איך פֿאַרלאַנג, אַז נאָך הײַנט אָפּדערנאַכט זאָל ער דאָ זײַן און מיר עפּעס זינגען! — האָט דער קייסער בּאַפֿוילן. — די גאַנצע וועלט ווייסט, וואָס איך פֿאַרמאָג, און איך אַלײן ווייס עס ניט.

— בּיז איצט האָבּ איך אַפֿילע אַ־אַ נאָמען ניט געהערט, — זאָגט דער ערשטער מיניסטער, — נאָר איצט [illegible] איך אים זוכן און וועל אים זיכער געפֿינען.

אָבער ס'איז גרינג צו זאָגן — געפינען.

דער ערשטער מיניסטער האָט גענומען לויפן איבער די טרעפּ פונעם פּאַלאַץ אַרויף און אַראָפּ. ער איז אויסגעלאָפן ווי א זאַל און ווי א דורכגאַנג, און וועמען ער האָט ניט באַגעגנט, וועמען ער האָט ניט געפרעגט, האָט קיינער ניט געהערט [illegible] אַזעלכע. און ער האָט זיך אומגעקערט צום קייסער מיט א יעדיע[illegible] ד[illegible]ז, וואָס ס'האָט זיך געשריבן אין די ביכער, מוז פּאַשעט זײַן אַן אוי[illegible]ע[illegible]אַכטע מעשה.

— סע גאָר ניט קיין מוז, — זאָגט ער, — אַז אײַער מאַיעסטעט זאָל גלייבן אין אַלץ, וואָס סע ווערט געשריבן אין די ביכער. דאָס זײַנען מער ניט ווי פרעמדע אָפּשפּיצלעך, און ווײַטער קער־דאַרטן שטעקן א קישעפּ אויך.

— אָבער דאָס בוך, וואָס איך האָב נאָרוואָס געלייענט, — צעשרײַט זיך דער קייסער, — האָט מיר צוגעשיקט דער יאַפּאַנישער קעניג אַליין. און דערום געשיקט זיך ניט, אַז סע זאָל זײַן אַן אויסטראַכטעניש. איך וויל הערן דעם סאָלאָווײ, וויל איך הערן! נאָך הײַנט אינאָוונט זאָל ער בא מיר זײַן דאָ אין פּאַלאַץ. ער דאַרף פון מיר באַקומען מײַן העכסטן גנאָד, און טאָמער טוסטו עס ניט אויף, וועלן אַלע הויפלײַט מיט דיר צוזאַמען קריגן שטעקנס איבער די בײַכער, גלײַך ווי איר וועט נאָר פאַרטיק ווערן מיט אײַער אָוונט־ברויט.

— טזינג־פּע! — האָט דער ערשטער מיניסטער געענטפערט און זיך ווידער געלאָזט לויפן איבער אַלע טרעפּ אין דער הייך און אין דער נידער. ער איז אומגעלאָפן ווי א זאַל און ווי א דורכגאַנג, און אַלע עלטסטע און הויפלײַט זײַנען אַוועק נאָך אים, וואָרעם עס האָט זיך זיי זייער ניט געוואָלט קריגן קיין שטעקנס איבער די בײַכער.

זיי לויפן אום און האַלטן זיך אין איין נאָכפרעגן אָפּן אויסטערלישן סאָלאָווײ, וואָס אַף דער גאַנצער וועלט קענען אים אַלע, און דאָ אין הויף — קיינער.

ענדלעך האָבן זיי געטראָפן אין קיך צו א קליין אָרעם מיידעלע.

— אָ, טײַערינקע! — שרײַט דאָס מיידעלע אויס. — דער סאָלאָווײ? אים קען איך דאָך זייער גוט. — אַך, ווי וווּנדערשיין ער זינגט! אַלע אָוונט קריג איך די דערלויבעניש אָפּטראָגן מײַן קראַנקער מאַמע א ביסל איבערבלײַבעכץ פון די הייגע עסנס, — זי וווינט דאָרטן, לעם ברעג פון יאַם, — און אַף צוריקוועגס, ווען איך בין מיד, זעץ איך זיך אַוועק אין

וואלד אָפּרוען, און דאָרטן הער איך אלע מאָל זינגען דעם סאָלאָוויי! סע שטעלן זיך מיר בײס־מײַסע טרערן אין די אויגן, און אפּן הארצן ווערט מיר אזוי מאָדנע, פונקט ווי די מאמע וואָלט דאָ געשטאנען און מיך געהאלטן אין איין קושן.

— דו קליינינק מיידעלע, — מאכט צו איר דער ערשטער מיניסטער. — דו וועסט בא מיר קריגן אין קיך א גרעסערע שטעלע, און סע וועט דיר זײַן דערלויבט צו שטיין און קוקן, וויאזוי דער קייסער עסט, אבי זאָלסט אונדז גיכער פירן צום סאָלאָוויי, וואָרעם ער איז באשטעלט נאָך אפּ הײַנט אפדערנאכט.

און אלע האָבן זיך אוועקגעלאָזט אין וואלד ארײַן, אהין, וווּ דער סאָלאָוויי פלעגט קעסיידער זינגען. דאָס מיידעלע גייט אפריער, די הויפּ־לײַט גייען נאָך. אינמיטן בעסטן גאנג דערהערט מען, וויאזוי א קו האָט א מרוקע געטאָן.

— אָ, — האָבן די הויפלײַט אויסגערופן, — ער איז דאָ. איר זײַנט כאָטש א מייוון, וויפל קויעך ער האָט אינעם קאָל. מיר וואָלטן מעגן שווערן, אז מיר האָבן אים שוין פריער אויך געהערט.

— ניין, — מאכט דאָס קיך־מיידעלע, — דאָס מרוקעט גאָר א קו, פון יענעם אָרט זײַנען מיר נאָך ווײַט.

דערווײַל האָבן זיך צעקוואָקעט אינעם געמויזעכץ די פרעש.

— א מעכײַע צו הערן, — מאכט דער כינעזישער הויפּ־פריידיקער. — איצט הער איך אים שוין גוט. זײַן זינגען דערמאנט מיר טאקע די קליינע גלעקעלעך אפּ אונדזער קלויסטער.

— ניין, — מאכט ווײַטער דאָס קיך־מיידעלע, — דאָס זײַנען פרעש! נאָר איצט וועלן מיר אים, דוכט זיך, שוין באלד דערהערן.

און דאָ האָט זיך טאקע צעזונגען דער סאָלאָוויי אליין.

— אָט דאָס איז ער, — האָט זיך דאָס קיך־מיידעלע אָנגערופן. — הערט, הערט! אָנאָ זיצט ער! — און זי האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער אפּ א גרוי, קליין פייגעלע, וואָס איז געזעסן אפּ א צווײַגל.

— טזינג־פע! — האָט דער ערשטער מיניסטער א מאך געטאָן. — איך האָב זיך גאָר קיינמאָל ניט גערעכנט, אז דער דאָזיקער בארימטער סאָלאָוויי זאָל האָבן אזא מין פּאָשעטן אויסזען. נאָר איך פארשטיי שוין, ער איז פּאָשעט בלייך געוואָרן, ווײַל ער האָט מיטאמאָל דערזען פאר זיך אזויפיל גרויסע לײַט.

— סאָלאָווייטשיקל! — האָט דאָס קיך־מיידעלע אויסגערופֿן הויך אַף א קאָל. — אונדזער קייסער פֿאַרלאַנגט, זאָלסט פֿאַר אים זינגען.

— מיט שענסטן קאָוועד, — האָט דער סאָלאָוויי געענטפֿערט און זיך צעזונגען זייער שיין און הילכיק. ער האָט געמיינט, אַז דער קייסער אַליין איז אויך דאָ.

— פֿפֿ, פֿפֿ! — האָט זיך דער ערשטער מיניסטער אָנגערופֿן. — אַזאַ קאָל קלינגט ניט ערגער, ווי די גלעזערנע גלעקעלעך אַפֿן קייסערס פּאַלאַצערלעכן באַלדאַכין. איך פֿאַרזיכער אַייך, אַז איר וועט האָבן באַם קייסערלעכן הויף גרויס דערפֿאָלג.

— זאָל איך עפּשער זינגען נאָך? — האָט דער סאָלאָוויי א פֿרעג געטאָן.

— וואַרט אויס, הער סאָלאָוויי, — האָט זיך דער ערשטער מיניסטער אָנגערופֿן. — זײַן מאַיעסטעט, דער קייסער אונדזערער, לאַדט אײַך אײַן הײַנט אינאָוונט אַפֿ א הויף־יאָנטעוו. איך צווייפֿל גאָר ניט אין דעם, אַז איר וועט מיט אײַער פּרעכטיק געזאַנג באַצויבערן זײַן מאַיעסטעט.

— מײַנע לידער איז בעסער צו הערן אינעם גרינעם וואַלד, — האָט דער סאָלאָוויי געענטפֿערט. — אָבער איך וועל דאָך גערן פֿליִען צוזאַמען מיט אײַך, אויב דעם קייסער איז עס נאָר ליב.

דעם פּאַלאַץ האָט מען דערווײַל זייער שיין אויסגעפּוצט, וואָרעם אַלע האָבן זיך געגרייט צום יאָנטעוו. אין די פּאָרצעלײַענע ווענט און אינעם גלעזערנעם דיל האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט טויזנטער גאָלדענע לאַמטערנדלעך, און די הערלעכסטע בלומען זײַנען געווען אויסגעשטעלט אין רײַען, און זייערע גלעקעלעך האָבן זיך צעקלונגען פֿונעם אומגעלויף און פֿונעם ווינט, וואָס די טירן האָבן אָנגעיאָגט. ס'איז געווען אַזאַ טומל מיט אַזאַ געקלאַנג, אַז די מענטשן האָבן זייער אייגענעם קאָל ניט געהערט.

אינמיטן זאַל איז געזעסן דער קייסער אַליין. פּונקט אַנטקעגן דעם קייסערלעכן טראָן האָט מען צוגעפּאַסט א הויכן גאָלדענעם שטאַנג, און אַפֿ זײַן סאַמע שפּיץ איז געזעסן דער סאָלאָוויי.

אַלע הויפֿלײַט זײַנען בײַגעווען אַפֿן יאָנטעוו. דאָס אָרעמע קיך־מיידעלע האָט אויך געקריגן דאָס רעכט צו שטיין הינטער דער טיר, ווײַל דער ערשטער מיניסטער האָט זי באַלוינט און איר געשענקט דעם טיטל פֿון אווירקלעכער הויף־קעכן. אַלע זײַנען געווען אויסגעפּוצט אינעם שענסטן, וואָס זיי האָבן נאָר פֿאַרמאָגט, און קיינער האָט קיין אויג ניט אַראָפּגע־

נומען פונעם קלײנעם גרויען פײגעלע. אפילע דער קײסער אלײן האָט גנעדיק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

דאָ האָט זיך דער סאָלאָװײ צעזונגען אזוי װוּנדערשײן, אזוי פײַן, אז בּא דעם קײסער האָבּן זיך בּאװיזן טרערן אין די אויגן, און די טרערן האָבּן זיך גענומען קײַקלען איבּער זײַנע בּאקן. אפ דעם קוקנדיק, האָט דער סאָלאָװײ גענומען זינגען נאָך שענער, אז דאָס געזאנג איז ארײַנגעדרונגען גלײַך אין הארצן ארײַן. דער קײסער איז געװאָרן אזוי אופגעלײגט, אז ער איז גרײט געװען שענקען זײַן גאָלדן פּאנטעפּעלע דעם סאָלאָװײ, ער זאָל דאָס טראָגן אפן האלדז. אָבּער דער סאָלאָװײ האָט אים בּאדאנקט, װײַל ער איז שוין אָן דעם אויך געװען גענוג בּאלױנט.

— איך האָבּ געזען, — זאָגט ער, — טרערן בּאם קײסער אפ די אויגן, און פאר מיר איז דאָס דער בּעסטער לוין. — און דער סאָלאָװײ האָט זיך װײַטער צעזונגען מיט זײַן זיסער, געבּענטשטער שטים.

— אך, װי פּרעכטיק! — האָבּן די הויף־דאמען איבּערגעשריגן אײנע די צװײטע. און זײ האָבּן פון דעמלט אָן און װײַטער געהאלטן װאסער אין מויל, קעדײ סע זאָל בּא זײ גולקען, װען זײ װעלן מיט עמעצן רײדן. זײ האָבּן געמײנט, אז אזויארום װערן זײ אויך סאָלאָװײטשיקלעך. ס׳איז אָבּער ניט פון די גרינגע זאכן. װאָס איז דאָ פאראן אסאך צו רײדן, דעם סאָלאָװײ האָט טאקע אפ אן עמעס געגליקט.

דער סאָלאָװײ האָט געקריגן בּאם הויף א בּאזונדער צימער, ער האָט געהאט די מעגלעכקײַט ארויספלִיען שפּאצירן: בּאטאָג צװײ מאָל און אין אָװנט אײן מאָל. דערצו האָט מען אים צוגעשטעלט צװעלף דינער, און בּאם ארויספלִיען שפּאצירן האָט יעדער דינער געהאלטן אין האנט אײן עק פונעם זײַדענעם בּאנט, װאָס איז מיטן צװײטן עק געװען צוגעבּונדן בּאם סאָלאָװײ צום פיסל. עמעס, קײן גרויסן פארגעניגן האָט ער שוין פונעם דאָזיקן שפּאציר ניט געקאָנט האָבּן.

די גאנצע שטאָט האָט שוין גערעדט װעגן דעם װוּנדערלעכן פויגל. און טאָמער פלעגן זיך בּאגעגענען צװײען אפ דער גאס, האָט מען בּאלד געקאָנט הערן, װי דער ערשטער הײבּט אָן „סאָל” און דער צװײטער ענדיקט „אָװײ”. בּײס־מײַסע פלעגן בּײדע א זיפץ טון, װײַל זײ האָבּן גלײַך אײנס דאָס צװײטע פארשטאנען. נו, און עלף קרעמער האָבּן גלײַך א נאָמען געגעבּן זײערע קינדער נאָכן סאָלאָװײ, אָבּער קײן אײנער פון זײ האָט דאָך ניט געהאט קײן קאָל צום זינגען.

אינ איינעם א שיינעם פרימאָרגנ איז אָנגעקומענ אפנ קייסערס נאָמענ א פּעקל, וווּ ס׳איז פונויבנ געווענ אָנגעשריבנ „דער סאָלאָוויי".

— דאָס מוז אוואדע זײַנ א נײַ בוך וועגנ אונדזער בּארימטנ פויגל, — האָט דער קייסער געזאָגט.



נאָר ער האָט גראדע ניט געטראָפנ. דאָס איז געווענ ניט קיינ בוך, נאָר א קליינ קונסט־ווערק, אײַנגעפּאקט אינ א ספּעציעלנ שאכטל. דאָס איז געווענ א קינסטלעכער סאָלאָוויי, וואָס איז אינגאנצנ געמאכט לויטנ מוסטער פונעם לעבעדיקנ, מיטנ איינעם כילעק נאָר, וואָס דער איז אינגאנצנ אָפּגעשאָטנ געווענ מיט דימענטנ, רובינענ אונ סאפּפירנ. מע האָט מער ניט געדארפט, ווי נעמענ דעם קינסטלעכנ פויגל אונ אים אָנציִענ, אזוי פלעג ער גלײַכ נעמענ אונ אויסזינגענ איינע פונ די לידלעכ, וואָס דער עמעסער סאָלאָוויי האָט געזונגענ. בײַם־מײַסע נאָכ פלעג דאָס קינסטלעכע פייגעלע שאָקלענ מיטנ עקל ארויפ אונ אראָפּ אונ גלאנצנ מיטנ גאָלד אונ מיטנ זילבער. באם נײַעם פויגל אפנ האלדז איז געהאנגענ א סטענגע, אונ דאָרטנ האָט זיכ אזוי געשריבנ: „דעם יאפּאָנישנ קייסערס

סאָלאָוויי איז גאָרניט מיט נישט אקעגן דעם סאָלאָוויי, וואָס דער כינעזישער קייסער פארמאָגט!"

— דאָס איז פּראַקטיק! — האָבן אַלע אויסגערופן, און דעם, וואָס האָט דעם קינסטלעכן פויגל געבראַכט, האָט מען באַלד געשענקט דעם טיטל: דער קייסערלעכער צושטעלער פון הויף־סאָלאָווייען.

— איצטער, — מאַכט דער קייסער, — זאָלן ביידע סאָלאָווייען זינגען צוזאַמען. איך וויל הערן, וואָס פאַר א דועט עס וועט זיך באַקומען!

העלפט דאָך ניט, אַז מע הייסט, דאַרף מען זינגען. אָבער עס קומט פון דעם גאָרניט ארויס, ווייל דער עמעסער פויגל זינגט זיך אַף זיין שטייגער, און באַם קינסטלעכן פויגל גייט עס אַף פּרוזשינעס.

— ס'איז ניט זיין שולד, — מאַכט דער קאַפּעלמייסטער. — ער האָט זיך זיין פעסטן טאַקט און ער שפּילט אינגאַנצן לויט מיין באַזונדער שול. אָט זאָל דער קונסט־פויגל זינגען איינער אַליין.

און דער קינסטלעכער סאָלאָוויי האָט מיט זיין זינגען אויסגענומען בא די הויף־לייט, אַזויווי דער עמעסער, און דערצו האָט ער נאָך געהאַט די מעלע, וואָס ער זעט אויס אַזוי ליב, ער גלאַנצט דאָך און שימערירט, פּונקט ווי דער בראַסלעט און די האַלדז־בענדער בא די רייכע הויף־דאַמען.

דריי און דרייסיק מאָל האָט דער קינסטלעכער פויגל אָפּגעזונגען איינע און די זעלבע זאַך, און ער איז ניט מיד געוואָרן.

די הויפלייט וואָלטן זיך ניט אָפּגעזאָגט אים נאָכאַמאָל הערן, אָבער דער קייסער האָט געהאַלטן, אַז מע דאַרף עפּעס לאָזן אָפּזינגען דעם לעבעדיקן סאָלאָוויי אויך. אָבער ווו־זשע איז ער?

לאָזט זיך אויס, אַז קיינער האָט ניט באַמערקט, וויאַזוי דער עמעסער סאָלאָוויי האָט זיך א לאָז געטאָן צום אָפענעם פענצטער און איז אוועקגעפלויגן צו זיך אין די גרינע וועלדער אריין.

— א שיינע מעשה, — האָט דער קייסער א זאָג געטאָן, און אַלע הויף־לייט האָבן גענומען זידלען און פלוכן דעם סאָלאָוויי. ס'איז נאָך אינערגעץ ניט געהערט געוואָרן, אַז עמעצער זאָל זיך דערלויבן זיין אַזוי אומדאַנקבאַר.

— אַבי דער בעסערער פויגל איז בא אונדז געבליבן! — האָבן זיך די הויפלייט דערפרייט, און דער קינסטלעכער סאָלאָוויי האָט געמוזט אָפּזינגען זיין איינס און איינציקע ליד דאָס פיר און דרייסיקסטע מאָל. דער

אוילעם האָט זי גערן געהערט, וואָרעם זיי האָבן זי נאָך אַלץ ניט געקענט אָפּ אויסווייניק. ס׳איז געווען שווער צום איבערנעמען.

דער קאַפּעלמייסטער האָט געהאַלטן אין איין לויבן דעם קונסט־פויגל, און האָט אַלעמען פאַרזיכערט, אַז ער איז בעסער פונעם עמעסן פויגל, ניט נאָר מיט זײַן אויסערלעכן אויסזען און מיט די פיל טײַערע דימענטן, ער איז בעסער אויך מיט זײַנע אינערלעכע מײַלעס.

— אָט זאָל אומיסטן מײַן הערשער דער קייסער זאָגן, ווי אויך איי־גערטע הערן: באַם לעבעדיקן פויגל קאָן מען קיינמאָל פריִער ניט וויסן, וואָס ער וועט זינגען, און באַם קינסטלעכן פויגל איז אַלץ באַשטימט פון פריִער. איינמאָל פאַר אַלעמאָל: דעם דאָזיקן פויגל, אַז מע וויל, קאָן מען אפילו עפענען, פאַנאַנדערשרויפן און אַ קוק טון, ווי עס גייען דאָרטן די וואַליקלעך, די רעדעלעך און די פרוזשינעס, וויאַזוי איינס פאַרטשעפּעט דאָס צווייטע.

— אָ, איך האָב דאָך פונקט אַליין אַזוי געקלערט, — האָט יעדער איינער פון די הויפלײַט געענטפערט, און דער קאַפּעלמייסטער האָט געקריגן די דערלויבעניש ווײַזן דעם קומענדיקן זונטיק פאַרן גאַנצן פאָלק דעם נײַעם זינג־פויגל.

— זאָל אים דאָס פאָלק הערן, ווי ער זינגט, — האָט דער קייסער באַפוילן.

דאָס פאָלק האָט אויסגעהערט דעם פויגל און איז געוואָרן אַזוי איבעראַשט, פונקט ווי עס וואָלט זיך אָנגעטרונקען מיט גוטער טיי. די כינעזער האָבן דאָך זייער ליב שטאַרקע טיי.

אַלע האָבן אין איין קאָל אויסגערופן: „אָ!" מע האָט אופגעהויבן אַרויף די ווײַז־פינגער און מע האָט צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. בלויז די אָרעמע פישערס — זיי איז דאָך אויסגעקומען צו הערן דעם עמעסן סאָלאָוויי — האָבן געטײַנעט:

— יאָ, אַ קאָל האָט ער ניט קיין שלעכטס, אין איינציקע פּראָטים איז ער שיר ניט געגליכן צום עמעסן סאָלאָוויי, נאָר עפּעס פעלט אים, וואָס ווייסן מיר אַליין ניט.

לויט דעם קייסערס אַ ספּעציעלן באַפעל איז אויסגערופן געוואָרן איבערן לאַנד, אַז דעם עמעסן סאָלאָוויי ווערט פאַרבאָטן זיך צו געפינען אינעם היגן קעניגרײַך.

דער קינסטלעכער סאָלאָוויי איז געלעגן אויף אַ זײַדענעם קישן פונקט

אנדערסען, 5.

אנטקעגנ דעם קייסערס געלעגער. ארום אים זײַנענ געלעגנ אלע שאצ־בארע זאכנ, וואָס מע האָט אים אָנגעשענקט. אפנ האלדז איז בא אים געהאנגענ דעם קייסערס גאָלדנ פאַנטעפּעלע. דער קינסטלעכער פויגל האָט געקריגנ א ספּעציעלנ טיטל: „דער הויפּט־זינגער פונעם קייסערס נאכטישנ טישל, ערשטער ראַנג פונ דער לינקער זײַט". דער קייסער האָט געהאלטנ פאַר וויכטיקער די זײַט, ווו דאָס הארצ געפינט זיך. און דאָס הארצ אפילע באַם כינעזישנ זער געפינט זיך אינ דער לינקער העלפט.

דער קאפעלמייסטער האָט אָנגעשריבנ וועגנ דעם קינסטלעכנ סאָלאָ־וויי פינפ אונ צוואנציק גראָבע ביכער, וואָס זײַנענ פול געווענ מיט די סאמע שווערסטע אונ פאַרפּלאָנטערסטע כינעזישע ווערטער. אָבער אלע הויפלײַט האָבנ פאַרזיכערט, אז זיי האָבנ די דאָזיקע ביכער געלייענט אונ אלצ פאַרשטאנענ, וואָרעם אויב ניט, וואָלטנ זיי דאָך געווענ די ערגסטע נאַראָנים אונ זיי וואָלטנ געקריגנ שטעקנס איבער די בײַכער.

אזוי האָט זיך עס געצויגנ א גאנצ יאָר צײַט. דער קייסער, די הויפלײַט אונ אפילע דאָס גאנצ פאָלק האָבנ שוינ געקענט אפּ אויסווייניק יעדעס פּיצעלע פונעם קינסטלעכנ פויגלס ליד. און דערפאַר טאקע איז ער זיי נאָך בעסער געפעלנ געוואָרנ, ווײַל זיי האָבנ געקאָנט מיטזינגענ מיטנ פויגל צוזאמענ: „צווי, צווי, צווי! גליזק, גליזק, גליוק". די גאסנ־יינגעלעך פלעגנ קעסיידער זינגענ: „צווי — צווי — צווי, גליוק — גליוק — גליוק", און אפילע דער קייסער אליינ פלעג שטילערהייט צוזינגענ דאָס זעלבע.
דאַרפ מענ נאָך עפּעס שענערס?!

טרעפט אָבער אינ איינעם אנ אָוונט, אז דער קינסטלעכער פויגל זינגט פאַרנ קייסער זײַנ ליד. דער קייסער איז זיך געלעגנ אפּנ געלעגער אונ האָט אלצ אויסגעהערט. פלוצעם האָט באַם פויגל אינעווייניק עפּעס געגומענ שארפענ אונ זשומזשענ, די רעדעלעך האָבנ זיך אינעווייניק צעטראָגנ אונ זײַנענ מיטאמאָל פאַרשטומט געוואָרנ.

דער קייסער איז גלײַך אופגעשפּרונגענ פונ זײַנ געלעגער אונ באפוילנ, מע זאָל אים שוינ ברענגענ אהער זײַנ לײַבמעדיקער. אָבער וואָס האָט דאָ יענער געקאָנט אופטונ? היילנ האָט ער דאָך נאָר געקאָנט לעבעדיקע מענטשנ. אויב אזוי, האָט ער גלײַך געשיקט נאָכנ זייגער־מײַסטער. דער זייגער־מײַסטער האָט אופגעעפנט באַם פויגל דעם בויך, האָט זיך

געגומענ דאָרטנ פּאָרקענ מיט די רעדעלעך, האָט צוגעשרויפט א פּאָר שרײַפעלעך, דערנאָכדעמ האָט ער געמאָלדנ, אז זינגענ וועט ער, דער פויגל, נאָר מע דארפ זיך מיט אימ באַגייִנ זייער פאָרזיכטיק, ווײַל די קליינע ציינדעלעך אפ די רעדלעך האָבנ זיך אָפּגעריבנ אונ קיינ נײַע צומאכנ, אז דער פויגל זאָל זינגענ אזוי גוט ווי פריִער, קאָנ מענ ניט.

איז טאקע געוואָרנ גוט שלעכט. איצט האָט מענ שוינ געלאָזנ דעמ פויגל זינגענ מער ניט ווי איינ מאָל אינ יאָר — דאָס איז שוינ אויך געווענ אסאך. דער קאפּעלמייסטער איז ארויסגעטראָטנ מיט א קורצער רעדע, וואָס איז געווענ אָנגעשפּיקעוועט מיט אסאך שווערע ווערטער, אונ ער האָט געזאָגט, אז דער פייגל איז פּונקט אזוי גוט, ווי פריִער, אונ דערומ איז עס אזוי געבליבנ, אז דער פויגל איז פּונקט אזוי גוט, ווי פריִער.

אזוי זײַנענ דורכגעגאנגענ גאנצע פינפ יאָר. אונ דאָס לאַנד האָט באַקומענ א ווירקלעכ טרויעריקע יעדיִע, אז דער קייסער איז קראנק אונ האלט באמ שטארבנ. די מיניסטאָרנ מיט די הויפלײַט האָבנ שוינ אָפּגערעדט וועגנ א נײַעמ קייסער. אונ דאָס פאָלק האָט זיך געשטופּט פארנ טויער אונ געפרעגט באמ ערשטנ. מיניסטער, וואָס מאכט עפּעס דער אַלטער קייסער.

— פּפ! — האָט דער ערשטער מיניסטער געענטפערט אונ א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

קאלט אונ בלייכ איז דער קייסער געלעגנ אפ זײַנ פּרעכטיקנ געלעגער. באַ אלע הויפלײַט איז געפויעלט געווענ, אז דער קייסער איז שוינ טויט. אונ דערומ האָט זיך יעדערער פונ זיי געײַלט גיכער זיך פארנייגנ אונ באגריסנ דעמ נײַעמ. די הויפדינער זײַנענ אומגעלאָפנ הינ אונ צוריק איבערנ פּאלאצ אונ אויסגעשמעקט די לעצטע נײַס, אונ די קאמערדינערס, יענע האָבנ פארבראכט צווישנ זיך געמיטלעכ באַ א גלעזל קאווע. איבער אלע זאלנ אונ דורכגאנגענ זײַנענ געווענ אויסגעשפּרייט טײַערע טעפּיכער, קעדיי צו פארטויבנ דעמ גערויש פונ די טריט, אונ דערומ האָט אינ פּאלאצ געהערשט א טויטע שטילקײַט.

אָבער דער אלטער קייסער איז נאָכ ניט געווענ טויט, ניט געקוקט דערופ, וואָס ער איז געלעגנ אפ זײַנ גרויסארטיק בעט אינגאנצנ אומבאַוועגלעכ אונ בלייכ אונטער די סאמעטענע גארדינענ מיט די שווערע

גאָלדענע קוטעסנ. דאָרטנ, גאַנצ אויבנ, איז דאָס פענצטער געווענ אָפנ אונ די לעוואָנע האָט אהער אַרײַנגעקוקט אונ באַשײַנט אי דעם קייסער, אי דעם קינסטלעכנ פויגל.

דער אלטער קייסער האָט, נעבעכ, קוים געאָטעמט. ס'האָט זיכ אים געדוכט, אז עמעצער זיצט בא אים אפ דער ברוסט. ער האָט פאַמעלעכנ אופגעעפנט די אויגנ אונ דערזענ, אז אפ דער ברוסט זיצט בא אים דער טויט, אינ איינ האַנט האַלט ער דעם קייסערס קרוינ, האָט ער אָנגעטאָנ זיכ אפנ קאָפּ, אינ איינ האַנט האַלט ער דעם קייסערס גאָלדענע שווערד, אונ אינ דער צווייטער — זײַנ פּרעכטיקע, רײַכע פאָנ. אונ אַרומ־אונ־אַרומ פונ צווישנ די סאַמעטענע גאַרדינענ־פאַלדנ דוכט זיכ אים, אז ס'ע קוקנ אפ אים מאָד־נע קעפּ אַזעלכע. אייניקע זײַנענ בייז אונ העסלעכ, אונ אנדערע זײַנענ ליבלעכ אונ שיינ. אָבער די בייזע זײַנענ אַסאַכ מערער אינ צאָל. דאָס זײַ־נענ געווענ דעם קייסערס גוטע אונ שלעכטע מעשׂים, וואָס האָבנ אפ אים געקוקט פונקט אַצינד, ווענ דער טויט איז בא אים געזעסנ אפ דער ברוסט.

— דו געדענקסט באָטש אָט דאָס אונ דאָס? — שעפּטשענ צו אים די קעפּ איינער נאָכנ צווייטנ. — אונ צי געדענקסטו אָט דאָס אונ דאָס? — אונ די קעפּ האָבנ אים אָנגעדערציילט וועגנ אַזויפיל זאַכנ, אז באַמ קייסער האָט זיכ געזעצט א קאַלטער שווייס אפנ שטערנ.

— דאָס געדענק איכ ניט, — בעט זיכ דער קייסער, — אונ דאָס האָב איכ ניט געוווּסט. מוזיק! דערלאַנגט אהער מוזיק! פּויקט מיר אינעמ גרויסנ כינעזישנ קעסל־פּויק, וואָרעמ איכ וויל מער ניט הערנ זייערע רייד.

אָבער די קעפּ האָבנ נאָכ אַלץ געהאַלטנ אינ איינ דערציילנ, אונ דער טויט איז געזעסנ, ווי א כינעזער, אונ האָט בא יעדנ וואָרט צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ.

— מוזיק! דערלאַנגט אהער מוזיק! — האָט זיכ דער קייסער צעשריגנ, — דו, גאָלדענער פויגל, זינג מיר דו! איכ האָב דאָכ דיכ באַשאָנקענ מיט גאָלד אונ מיט דימענטנ. איכ האָב דיר אופגעהאַנגענ אפנ האַלדז מײַנ גאָלדנ פּאַנטאָפעלע! זינג, בעט איכ דיכ, זינג!

אָבער דער פויגל האָט געשוויגנ. ס'איז ניט געווענ, ווער עס זאָל אים אָנציִענ, אונ אנדערש זינגענ קאָנ ער דאָכ נישט. אונ דער טויט הערט ניט אוף צו קוקנ אפנ קייסער מיט זײַנע גרויסע, ליידיקע לעכער אינ די

אויגנ־נעסטנ, אונ ארומ איז אזוי שטיל, אוי, ווי שרעקלעכ שטיל ס׳איז!
פלוצעמ דערטראָגט זיכ פונעמ פענצטער א װוּנדערלעכ געזאנג. דאָס איז געווענ דער קליינער לעבעדיקער סאָלאָוויי, וואָס איז געזעסנ אינ־דרויסנ אפּ א צווײַגעלע. ער האָט זיכ דערוווּסט, אז דער קייסער איז אינ א נויט, איז ער גלײַכ געקומענ צו פליִענ אימ זינגענ טרייסט אונ האָפע־נונג. וואָס מער ער האָט געזונגענ, אלצ בלאסער זײַנענ געוואָרנ די גע־שפּענסטער. דאָס בלוט האָט גענומענ, וואָס ווײַטער, אלצ שטארקער צוקר־מענ אינעמ קייסערס שוואכע גלידער, אונ וואָס דארפ מענ מער, אפילו דער מאלעכאמאָוועס האָט זיכ גענומענ אײַנהערנ אונ זיכ אָנגערופנ אינ דער שטיל:

— נאָכ, פייגעלע, נאָכ.

— וועסטו אָפּגעבנ דעמ קייסער זײַנ שאצבארע שווערד? — פרעגט דער סאָלאָוויי. — אונ די פאָנ? אונ די קרוינ?

אונ דער מאלעכאמאָוועס האָט אָפּגעגעבנ דעמ קייסער זײַנע שאצבאר־קײַטנ איינס נאָכ איינס. אונ דער סאָלאָוויי זינגט זיכ ווײַטער. ער האָט גע־זונגענ, געזונגענ וועגנ דעמ שטילנ צווינטער, ווו ס׳עס בליט דער בעז אונ ס׳עס שמעקנ די ווײַסע רויזנ, אונ דאָס פרישע גראָז אפּ די קוואָרימ ווערט באפײַכט פונ די מענטשישע טרערנ, וואָס קומענ באווייינענ זייערע נאָענ־טע פארשטאָרבענע פרײַנט... דאָ האָט זיכ דער מאלעכאמאָוועס מיטאמאָל פארבענקט נאָכ זײַנ שטילנ גאָרטנ, אונ ער האָט אוועקגעשוועבט, ווי א קאלטער ווײַסער נעפּל, דורכנ פענצטער ארויס.

— א דאנק, א דאנק, דו הימלש קליינ פייגעלע, — האָט זיכ דער קיי־סער אָנגערופנ. — איכ קענ דיכ גוט. איכ אליינ האָב דאָכ באפוילנ, מע זאָל דיכ ארויסטרײַבנ פונ מײַנ לאנד אונ פונ מײַנ קעניגרײַכ, אונ איצט האָסטו מיט דײַנ געזאנג אָפּגעשטויסנ פונ מײַנ בעט די געשפּענסטער, דעמ טויט אליינ האָסטו מיט דײַנ געזאנג צוגענומענ פונדאנענ. מיט וואָס זאָל איכ דיכ איצט באלוינענ?

— דו האָסט מיכ שוינ באלוינט, — האָט דער פויגל געענטפערט. — איכ האָב געזענ טרערנ בא דיר אפּ די אויגנ דאנ, ווענ איכ האָב דאָס ערשטע מאָל פאר דיר געזונגענ, אונ דאָס וועל איכ דיר קיינמאָל ניט פארגעסנ. פארנ זינגערס הארצ זײַנענ אזעלכע זאכנ טײַערער פונ אלצ אינ דער וועלט. אָבער איצט דארפסטו אײַנשלאָפנ אונ ווערנ פריש אונ שטארק. איכ וועל דיר נאָכ עפּעס זינגענ.

און דער סאָלאָווי האָט זיך ווײַטער צעזונגען, און אַפּן קייסער אָנגע־פאַלן א זיסער דרעמל.

אך, ווי מילד און געזונט דער דאָזיקער שלאָף איז פאר אים געווען!

די זון האָט שוין געשײַנט אין פענצטער, בעת דער אַלטער איז געזונט און פריש אופגעשטאנען. פון די הויפלײַט איז אים קיינער ניט געקומען געווירע ווערן, ווײַל אַלע האָבן געמיינט, אז ער איז שוין לאַנג טויט. אָבער דער סאָלאָווי איז נאָך אַלץ געזעסן באַם פענצטער און גע־זונגען.

— איצט דאַרפסטו בלײַבן באַ מיר אפשטענדיק,— האָט זיך דער קייסער אָנגערופן.— דו וועסט זינגען דאַן, ווען וועסט נאָר אַליין וועלן. און דעם קינסטלעכן פויגל וועל איך צעבּרעכן אַף שטיק־שטיקלעך.

— טו עס ניט,— האָט דער סאָלאָווי געענטפערט.— ער האָט דיר גע־דינט, מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. היט אים אָפּ. ווי דו האָסט אים פריִער אָפּגעהיט. איך קאָן ניט בּויען אין פּאַלאַץ מײַן נעסט, און מיר איז דאָ ניט גוט צו וווינען. דו דערלויב מיר נאָר צו דיר קומען אַמאָל, ווען מיר וועט זיך אַליין פאַרגלוסטן. איך וועל זיך זעצן אַף א צווײַג באַ דײַ הינטערן פענצטער און וועל דיר פאָרזינגען געווײסע זאַכן. איך וועל דיך פאַרווײַלן און אַרופירן אַף פאַרשיידענע געדאַנקען, איך וועל דיר זינגען וועגן גליקלעכע, און אומגליקלעכע, וועגן שלעכטס און וועגן גוטס, וועגן אַלץ, וואָס רינגלט דיך אַרום און פון דיר איז עס פאַרבאָרגן. דער קליי־ נינקער זינג־פויגל פליט אַרום אומעטום, ער טרעפט צום אָרעמען פישער און צום פויער אונטערן דאַך. יענע וווינען ווײַט פון דיר און פון דײַן הויף. מיר איז דײַן האַרץ ליבּער פון דײַן קרוין. איך וועל אַלעמאָל קומען צו פליִען און זינגען פאַר דיר, אָבער איין זאַך מוזסטו מיר צוזאָגן.

— אַלץ,— האָט דער קייסער אויסגערופן און זיך אופגעשטעלט אין זײַן גאַנצן קייסערלעכן פּראַכט. ער האָט זיך אַליין געבּראַכט אין אָרדע־נונג, און די שווערע גאָלדענע שווערד האָט ער געהאַלטן צוגעדריקט צום האַרצן.

— בעטן וויל איך דיך נאָר איין זאַך: זאָג ניט אויס פאַר קיינעם וועגן דעם, אז דו האָסט לעם זיך א קליין פייגעלע, וואָס דערציילט דיר אַלץ־דינג אויס. אז דו וועסט אַזוי טון, וועט עס זײַן בעסער.

און באַ די ווײַד איז דער סאָלאָווי אַוועקגעפלויגן.

די דינער זײַנען אַרײַנגעקומען כאַפּן א קוק אם זייער געשטאָרבענעם קייסער, אָבער זיי זײַנען מיטאמאָל געבליבן שטיין, און דער קייסער האָט זיך צו זיי דער ערשטער געווענדעט:

— א שיינער און פֿײַנער גוטמאָרגן זאָל אײַך זײַן!





# דער פליִענדיקער קאסטן



מאָל איז געווען א סויכער, איז ער געווען אזוי רײַך,
אז ער האָט געקאָנט אויספלאסטערן א גאנצע גאס מיט
זילבערנע מאטבייעס און נאָך עפשער א קליין סיטקעלע
פאר א צוגאָב. אָבער ער איז גאָר ניט געווען אזא נאר,
אז ער זאָל זיך פארנעמען מיט אזעלכע זאכן. ער האָט
שוין גראדע געוווסט, וואָס צו טון מיטן געלט. —
ער ערגעץ פארטאָן א שילינג, האָט ער שוין געזען ער זאָל צוריק באקו-
מען א גאנצן דאָלער.

דאָס איז שוין געווען איינמאָל א סויכער. אָבער אז ער האָט אויסגע-
לעבט זײַנע יאָרן, איז ער אוועקגעשטאָרבן.

דאָס גאנצע געלט זײַנס האָט אָפגעיארשנט דער זון. דער דאָזיקער
זון האָט זיך געלאָזט ווײַלגיין און אָנגעהויבן לעבן א טאָג. ער האָט גע-
מאכט בעלער, פלעג אומגיין אפ מאסקאראדן, פון געלט-אסיגנאציעס
פלעג ער מאכן שלענג און זיי לאָזן אינדערלופטן, און גאָלדענע רענד-
לעך פלעג ער שמיצן אין טײַך, אָנשטאָט קליינע שטיינדלעך. אפ אזא

אויפֿן האָט דאָס געלט זיך געקאָנט לײַכט צעקריכן, און ס'איז טאַקע אַזוי געשען. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט זיך דער יונגערמאַן אַרומגעקוקט, אַז ער איז געבליבן מיט פֿיר קופּערנע שילינג, און צום אָנטון פֿאַרמאָגט ער אויך מער ניט ווי איין פּאָר פּאַנטעפֿל און דעם אַלטן שלאָפֿראָק.

זײַנע אַלע גוטע־פֿרײַנט, וואָס פֿלעגן אים אַפֿ קיין טראָט ניט אָפּלאָזן, ווען ער האָט געשאָטן מיט געלט, האָבן זיך איצטער געמאַכט פֿון אים ניטווויסנדיק. זיי פֿלעגן אַפֿילו גיין דורך אַן אַנדער גאַס, קעדיי זיי זאָלן זיך מיט אים פֿאַרשפּאָרן טרעפֿן. בלויז איינער פֿון זײַנע געוועזענע פֿרײַנט איז נאָך געווען נישקאָשע פֿון אַ מענטש. האָט ער צוגעשיקט דעם סוחרס זון אַן אַלטן קאַסטן מיט דרײַ ווערטער: „פּאַק זיך אײַן". איז עס טאַקע זייער שיין פֿון יענעמס זײַט. אָבער אַז ער האָט גאָר ניט וואָס אַהין אַרײַן. און געוועזן איז עס אַ קאַסטן ניט קיין פּראָסטער. אַז מע זיך פֿליִען. טוט פֿון אינעווייניק אַ דריק דאָס שלעסל, הייבט ער זיך אויף און לאָזט אַהין אַרײַן! וואָס־זשע טוט ער? נעמט ער און זעצט זיך אַליין

דעם סוחרס זון האָט אַזוי געטאָן. האָט זיך דער קאַסטן געגעבן אַ הייב און דורכן קוימען גלײַך אינדרויסן אַרויס ביז צו די סאַמע וואָלקנס. ער פֿליט, און דער אונטערדעק פֿונעם קאַסטן קנאַקט. ציטערט ער, דעם סוחרס זינדל, וואָס וועט ער טון, אויב דער אונטערדעק וועט צעפֿליִען ווערן אַפֿ קליינע שטיקלעך, און ער וועט נעמען פֿאַלן פֿון אַזאַ מין הייך. נאָר ביים מײַסע האָט זיך דער קאַסטן אַליין גענומען אַראָפּלאָזן, און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט גראָדע אין טערקײַ.

דער יאַט האָט גענומען דעם קאַסטן און אים באַהאַלטן אין וואַלד צווישן טרוקענע בלעטער, און אַליין איז ער אַוועק אין שטאָט אַרײַן. דאָ האָט ער זיך זייער שיין געקאָנט ווײַזן אין זײַן האַלבאָשע, ווײַל די טערקן גופֿא גייען דאָ אויך אַלע אין שלאָפֿראָק און אין פּאַנטעפֿל. אַזויווי ער גייט, באַגעגנט ער אַן אַם מיט אַ קליין קינד אַפֿ די הענט.

— זאָג מיר, דו טערקישע אַם, — מאַכט דער סוחר־זון צום ווײַבל, — וואָס איז עס פֿאַר אַ פּאַלאַץ אָטאָ שטייט, פֿאַרוואָס איז ער אַזוי גרויס און פֿאַרוואָס זײַנען דאָ די פֿענצטער אַזוי הויך אַוועקגעשטעלט?

— דאָ וווינט דעם קעניגס טאָכטער, די פּרינצעסן, — האָט אים די אַם געענטפֿערט. — מע האָט איר אַמאָל פֿירגעזאָגט, אַז דער כאָסן, וואָס וועט

זי קומען נעמען, וועט איר ברענגען פיל אומגליק, דערום לאָזט מען צו איר קיינעם ניט צו אין די טעג, ווען דער קעניג מיט דער קעניגן זײַנען לעם איר ניטאָ.

— א דאנק, — מאכט צו איר דער סויכער־זון, — און ער איז אוועק אין וואלד, האָט זיך צוריק ארײַנגעזעצט אין קאסטן ארײַן און איז ארויפגעפלויגן אפן דאך פונעם הויכן שלאָס, און דורכן פענצטער איז ער ארײַנגעקראָכן גלײַך צו דער פרינצעסן.

די פרינצעסן איז גראדע געלעגן אפ דער קאנאפּע און איז געשלאָפן. זי איז אָבער געווען אזוי שיין און געראָטן, אז דער סויכער־זון האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאלטן און זי געקושט א קוש טון. פונעם קוש האָט זיך די פרינצעסן אופגעכאפּט נישט טויט, נישט לעבעדיק און זיך זייער דערשראָקן. אָבער אזיוויי ער האָט איר געזאָגט, אז ער איז דער טערקישער גאָט און ער איז אהער אראָפּגעקומען פונעם הימל, איז שוין איר די זאך געוואָרן מערער צום הארצן.

האָבן זיי זיך בײדע אוועקגעזעצט אײנס לעבן צווייטן, און דעם סויכערס זון האָט איר אָנגעהויבן דערציילן שיינע מײַסעס.

דער פרינצעסן איז עס אלץ וויל געפעלן, און אז ער, דער באָכער, האָט איר געזאָגט, אז ער וויל פאר איר כאסענע האָבן, האָט זי אים געענטפערט:

— מיטן שענסטן קאָוועד.

דערבײַ האָט זי נאָך ניט פארגעסן צוגעבן, אז צוליב דעם מוז ער זיך אראָפּווײַזן אהער אפן שאבעסדיקן טאָג. אין דעם טאָג קומען צו איר די קעניגלעכע עלטערן אפ טיי, און זיי וועלן מיט אלע קאָוועדן אײַנגיין צו האָבן דעם טערקישן גאָט פאר אן איידעם.

— איך וועל דיך נאָר בעטן, — האָט זי אים געראָטן, — דו זאָלסט צוגרייטן פון זייערטוועגן א פּאָר שיינע מײַסעלעך, מײַנע עלטערן האָבן עס שרעקלעך ליב. די מוטער מײַנע, די קעניגן, האָט ליב מאָראלישע זאכן און באלערעוודיקע, און מײַן פאָטער דער קעניג, ער, פארקערט, האָט ליב לוסטיקע זאכן, מע זאָל זיך קאָנען אָנלאכן צו זאט!

— אזוי בלײַבט עס, — האָט דער סויכער־זון געענטפערט. — קיינע שום אנדערע כאסענע־מאטאָנעס וועל איך ניט ברענגען. שאבעס קום איך צו פליִען און ברענג מיט איינע פון מײַנע שענסטע מײַסעס. — און זיי האָבן זיך גענומען געזעגענען. אפן אָפּשייד האָט אים די פרינצעסן

געשענקט א שווערד. די שווערד איז געווען באַלייגט מיט אַסאַך גאָלדע־נע רענדלעך, און דאָס איז פּאַרן סויכער־זון געווען פּונקט ווי געפונען.

דער סויכער־זון איז גלײַך אוועקגעפלויגן אין שטאָט אַרײַן, האָט זיך דאָרט אײַנגעקויפט א נײַעם שלאָפּראָק, דערנאָך איז ער אַראָפּ צוריק אין וואַלד צו זיך און גענומען טראַכטן א מײַסעלע, וואָס ער האָט ביז שאַבעס געדאַרפט האָבן פאַרטיק. און צוטראַכטן א שיין מײַסעלע דאָס איז דאָך ניט פון די גרינגע זאַכן.

אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן מײַסעלע, איז שוין אַקוראַט געוואָרן שאַבעס.

דער קעניג, די קעניגן און דאָס גאַנצע פאָלק זײַנען שוין געזעסן בא דער פּרינצעסן און געוואַרט אַף אים מיט דער טיי. מע האָט אים אופּגענומען אַזוי שיין, וואָס שענער דאַרף מען גאָר ניט.

— איצט וועט איר אונדז עפּשער דערציילן עפּעס א מײַסעלע, — האָט זיך די קעניגן אָנגערופן, — אַזאַ, וואָס זאָל האָבן אין זיך א טיפן זין און וואָס זאָל זײַן גאַנץ באַלערעוודיק.

— און מע זאָל זיך א ביסל קאָנען אָנלאַכן אויך, — האָט דער קייסער צוגעגעבן.

— גוט, — האָט דער סויכער־זון געענטפערט און גלײַך אָפן אָרט אָנגעהויבן.

„געווען זײַנען אַמאָל אין א פּעקעלע שוועבעלעך. די דאָזיקע שוועבעלעך זײַנען זייער שטאָלץ געווען מיט זייער הויכן ייִכעס. יעדעס שפּענדעלע באַזונדער, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א שוועבעלע, קומט דאָך אַרויס פון עם סאַמע העכסטן בוים אין וואַלד — פון דער סאָסנע.

איינמאָל ליגן זיך אַזוי די שוועבעלעך אין קיך אַף דער פּאָליצע צווישן דעם פײַער־געצײַג און דעם אַלטן אײַזערנעם קעסעלע און זיי דערציילן אויס פאַר זייערע שכיינים, וואָס ס'האָט מיט זיי זיך פּאַסירט אין דער יוגנט.

— יאָ, — מאַכן זיי, — בעשאַס מיר זײַנען נאָך געווען אַף די גרינע צווײַגן, זײַנען מיר טאַקע אַף אַן עמעס גרינע צווײַגן געווען. יעדן גאַנצפרי און יעדן אָוונט פלעגן מיר טרינקען בריליאַנטענע טיי, דאָס הייסט, לויטערע טראָפּנדלעך טוי. דעם גאַנצן טאָג פלעג די זון בא אונדז זיצן און אונדז לויכטן, און די פייגעלעך פלעגן אונדז דאַרפן דערציילן די שענסטע מײַסעס. מיר האָבן זיך זייער גרינג געקאָנט אָנשטויסן, אַז

אונדזער פאמיליע געהער צו דער רײַכערער טייל פון וואלד, וואָרעם די בלעטער־בײמער האָבן נאָר זומער געהאט וואָס אָנצוטון. אָבער אונדזער שטאם איז געווען אזוי פארמעגלעך, אז מע האָט זיך פארגינט גיין געקליידט אין גרינע מאלבושים סײַ זומער, סײַ ווינטער. ביז ס׳האָבן זיך באוויזן די האָלצהעקער, און ס׳איז פאָרגעקומען א גאנצע איבערקערעניש. אונדזער געזינד איז זיך דאן צעקראָכן איבער דער גאנצער וועלט. דער פאָטער אונדזערער, דער שטאם, האָט געקריגן א שטעלע פון א גראָט־מאסט אפ א פרעכטיקער שיף, און ער קאָן אויספאָרן די גאנצע וועלט, אבי ס׳זאָל זיך אים נאָר פארוועלן. די גרויסע צווײַגן האָבן אויך געקריגן פארשײדענע שטעלעס. און נאָר אונדז איז אויסגעפאלן דער גורל צו דינען דעם פראָסטן פאָלק און אופלויכטן פאר אים מיט א פלאַמפײַער. איצט זעט איר שוין, וויָארום אזעלכע אָנשטענדיקע לײַט, ווי מיר, האָבן זיך געפּאקט אהער אין קיך ארײַן?

— נו, און בא מיר האָט זיך דאָס לעבן צונויפגעלייגט גאָר אפ אן אנדער שטייגער, — האָט זיך אָנגערופן דאָס אײַזערנע קעסעלע, וואָס איז געשטאנען ניט ווײַט פון די שוועבעלעך. — זינט איך בין נאָר אפ דער וועלט געקומען, האלט מען מיך אין איין שײַערן און פוצן און איין שטעלן אפן פײַער. איך פארנעם׳ זיך מיט א גאנץ וויכטיקער ארבעט, און דעם עמעס געזאָגט, בין איך דאָ אין שטוב פארעכנט צווישן די ערשטע. ארבעטסן ארבעט איך זייער אסאך, און מײַן איינציקער פארגעניגן איז צו זיצן אזוי־אָ, נאָכן מיטיק, ווען איך שטיי שוין אפ דער פאָליצע ריין און אויסגעשײַערט, און פירן מיט מײַנע כאווײרים איידעלע געשפרעכן. מיר אלע דאָ אין קיך זײַנען ניט קיין איבעריקע ארומגייער. מיר לעבן אין די פיר ווענט. אן אויסנאם קאָן עפשער נאָר זײַן דער עמער, אים קומט אָפט אויס זיך דורכשפאצירן אפ א ווײַלינקע איבערן הויף. נײַס דערוויסן מיר זיך אויך באם מארק־קוישל. עס גייט דאָך אָפט אפן מארק נאָך פראָוויאנט. אָבער עס האָט א נאטור רײדן אזוי אזעסדיק וועגן דער רעגירונג און וועגן פאָלק, אז ס׳איז פּאָשעט אומעגלעך צו הערן עס. אנומלטן האָט עס זיך אזוי צעדארשנט, אז דער אלטער טאָפ איז פאר שרעק אראָפּגעפאלן און איז צעשפרונגען געוואָרן אפ שטיקשטיקלעך. זאָגט זיך, וואָס איר ווילט, נאָר דאָס מארק־קוישל איז, לויט מײַן געדאנק, טאקע צופיל אופגעקלערט.

— דו האָסט זיך מיר אויך צופיל צעפלאפלט, — איז די קרעסילע

פונעם פײַערגעצײַג ארויסגעשפּרונגען און האָט זיך געגעבן אזא מין זעץ אינעם קיזל־שטיינדל, אז ס׳האָבן געגומען פליִען פונקען. — איך לייג פאָר, אז מיר זאָלן זיך בעסער נעמען צו פרײַלעכערע זאכן!

— לאָזט אונדז, — זאָגן די שוועבעלעך, — מיר האָבן דאָך אָנגעהויבן ריידן, ווער ס׳איז מער ייִכעס צווישן אונדז.

— לעמײַ זאָל איך זאָגן, — האָט זיך די ערדענע שיסל אַרײַנגעמישט — איך האָב גראָדע ניט ליב פון זיך אליין ריידן. נאָר מיילע, מע רעדט שוין, לאָמיך אײַך אויך דערציילן עטוואָס וועגן מײַן אייגן לעבן. איך מיין, אז דאָס וועט איטלעכן זײַן גאנץ באקאנט, און אלע וועלן עס פארשטיין. איר דארפט דאָך וויסן, אז אזוינע געשיכטעס זײַנען אנגענעמענער פאר אלץ. הערט־זשע אויס, איך הייב אָן: אפן ברעג פונעם יאַם, אונטערן שאָטן פון די בוקן־ביימער...

— דער אָנהייב איז א שיינער, — האָבן זיך אַלע טעלער אָנגערופן. — דאָס וועט בעפיירעש זײַן א געשיכטע לויט אונדזער גוסט נאָך.

— דאָרט, — האָט די ערדענע שיסל פאָרגעזעצט, — האָב איך איך א שטיל געזינד פארבראכט מײַן יוגנט. דאָס מעבל אין שטוב איז געווען זייער ריין, די דילן פלעג מען וואשן און שאָבן, און אלע צוויי וואָכן פלעג מען בײַטן די פאָרהענגלעך אף די פענצטער.

— אך, ווי אינטערעסאנט איר דערציילט עס אלץ, — האָט זיך דער בעזעם אָנגערופן, — מע קאָן גלײַך דערקענען, אז א פרוי דערציילט עס. סע גייט מאמעש דורך א ריינקײַט איבערן לײַב.

— יאָ, ריכטיק, — מאכט דער וואסער־עמער און פאר פרייד איז ער אזש אונטערגעשפּרונגען, אזוי אז א ביסל וואסער האָט זיך אפילע א פליוסקע געטאָן אפן דיל.

די ערדענע שיסל האָט פאָרגעזעצט איר דערציילונג, און דער סאָף איז געווען פונקט אזוי פײַן, ווי דער אָנהייב.

אלע טעלער האָבן זיך צעקלונגען פאר פארגעניגן, און דער קער־בעזעם האָט ארויסגעקריגן פון זאמד־קעסטעלע א פּאָר בלעטלעך פּעטרישקע, אויסגעפלאָכטן פון זיי א קראנץ און אָנגעטאָן אף דער שיסל. ער האָט געוווסט, אז אלע איבעריקע וועט עס שטארק ארגן, דאָס איז איינס, און צווייטנס, האָט ער א קלער געטאָן: „הײַנט וועל איך דער שיסל אונטערטראָגן א קראנץ, וועט מאָרגן די שיסל מיר אויך עפּעס אונ־טערטראָגן, אז מע וועט דארפן".

— און איצט לאָזט מיך גיין א טאנץ, — האָט זיך די קאָטשערע אָנגע־רופן און זיך געלאָזט טאַנצן. סע שוין געווען איינמאָל א טאנץ, בעשאס זי האָט אלע רעגע געדארפט אונטערהייבן איר איינציקן פוס. דאָס אלטע באַציִעכץ פונעם בענקל, וואָס איז געשטאנען אין ווינקעלע, האָט מער ניט געקאָנט אויסהאלטן און געפּלאַצט פאר געלעכטער.

— נו, און מיר וועט מען אויך אונטערטראָגן א קראַנץ? — האָט די קאָט־שערע ענדלעך א פרעג געטאָן.

האָט מען איר צוליב געטאָן און איר אויך אונטערגעטראָגן א קראנץ.

— אמינע פאַרגרעבטע לײַט! — האָבן די שוועבעלעך א בורטשע גע־טאָן צו זיך אליין.

איצטער האָט מען געדארפט, אז דער סאַמאָוואר זאָל עפּעס זינגען. אָבער ער איז שוין געווען אויסגעקילט און ער האָט געזאָגט, אז זינגען קאָן ער נאָר דאַן, ווען ער האָט אין זיך זודיקע וואסער. מיילע, נו, מע פאַרשטייט עס שוין. פון זײַן זײַט איז עס נאָר געווען א מין גרויסמאַ־כערײַ. ער איז דאָך געוווינט צו זינגען נאָר בא די באַלעבאַטים אפן טיש שטייענדיק.

אפן פענצטער האָט געשטעקט אַן אלטע גענדזענע פען, מיט וועלכער דאָס דינסט־מיידל פלעג אמאָל עפּעס פאַרשרײַבן. די פען האָט זיך מיט קיין זאך ניט געקאָנט באַרימען, סײַדן עפּשער מיט דעם, וואָס זי איז געווען אויסגעפּלעקט מיט טינט. אָבער פונקט מיט דעם האָט זיך די גענדזענע פען גראדע איבערגענומען: „מיילע, — זאָגט זי, — אויב דעם סאַמאָוואר שטייט שוין אזוי שטאַרק ניט אָן צו זינגען פאַר אונדז, איז דארף מען ניט. פון יענער זײַט פענצטער הענגט א שטײַגל מיט א סאָלאָוויי, וועט ער אונדז עפּעס אָפּזינגען. וואָס עמעס, איז עמעס, ער האָט זיך, נעבעך, אין ערגעץ ניט געלערנט. נאָר הײַנטיקן אָוונט וועלן מיר שוין דורכקומען מיט ניט קיין געלערנטן.

— ניין, ניין, דאָס פאסט לאַכלוטן ניט, — האָט דער קופּערנער טיי־קאַן, דער קיך־זינגער און דעם סאַמאָווארס א שטיקל שוועסטערקינד, זיך אָנגערופן. — איך האַלט, אז פאר אונדז פאסט ניט צו הערן דאָס געזאַנג פון א פרעמדלענדישן פויגל. ס'איז פּאַשעט ניט פּאַטריאָטיש. אָט זאָל דאָס מארק־קוישל זאָגן.

— אוי, גוואלד, איך בין מאמעש אויסער זיך! — מאַכט דאָס מארק־

קוישל.—איר קאָנט זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, ווי דאָס אַלץ נערווירט מיך אין דער רעגע. וווּ איז עס געהערט געוואָרן, מע זאָל אַזוי דורכפירן די אָפּדערנאַכטן? סע וואָלט דאָך געווען אַסאַך קליגער, ווען מע צעשפּרייט זיך איבערן גאַנצן הויז, יעדערער זאָל פאַרנעמען זײַן פּלאַץ, און איך וואָלט געפירט די שפּיל און אַכטונג געגעבן אַף דער אָרדענונג. דאָס וואָלט שוין כ׳לעבן געווען גאָר עפּעס אַנדערש.

— יאָ, יאָ, לאָמיר שפּילן טעאַטער!—האָבן אַלע אויסגערופן.

אָבער דאָ האָט זיך אַן עפן געטאָן די טיר, און דאָס דינסט־מיידל איז אַהער אַרײַן. די רעגע זײַנען אַלע אַזוי צוגעשטילט געוואָרן, אַז קיינער האָט אַפילע קיין פּיפּס ניט געטאָן.

דאָס דינסט־מיידל האָט גענומען די שוועבעלעך און אויפגעריבן פײַער. דאָס שוועבעלע האָט אַ קנאַק געטאָן און גלײַך אויפגעפלאַמט.

— נו, איצט קאָן שוין, דוכט זיך, יעדערער פאַרשטיין,—האָבן די שוועבעלעך אַ זאָג געטאָן,—ווער ס׳איז דאָ אַפן סאַמע ערשטן אָרט! קוקט ווי מיר גלאַנצן, ווי העליש מיר לויכטן.

און דאָס שוועבעלע איז גלײַך פאַרבּרענט געוואָרן...״

— יאָ, דאָס איז אַ גרויסאַרטיקע מײַסע,—האָט זיך די קעניגן אָנגערופן.—מיר האָט זיך די גאַנצע צײַט געדאַכט, אַז איך זיץ דאָרטן אין קיך פאַרשטעקט מיט די שוועבעלעך צוזאַמען. יאָ, דו ביסט ווערט צו קריגן אונדזער טאָכטער פאַר אַ ווײַב.

— אָ, געוויס,—האָט זיך דער קעניג אָנגערופן.—מאָנטיק מעגסטו קומען, וועלן מיר פּראָוון די כאַסענע.

איצט האָבן זיי שוין דעם סויכערס זון מער ניט געיִרצט, ווײַל ער דאַרף דאָך שוין אַרײַנגערעכנט ווערן אין דעם קעניגלעכן געזינד ווי אַן אייגענער מענטש.

ערעוו דעם טאָג, אַף ווען די כאַסענע איז געווען באַשטימט, האָט מען איליומינירט די גאַנצע שטאָט. איבער אַלע גאַסן האָט מען געוואָרפן פאַרן אוילעם פּלעצלעך מיט צוקער־לעקעכלעך. די ייִנגעלעך אין די גאַסן האָבן געכאַפּט דעם קיבעד, דערנאָך האָבן זיי געשריגן „הורא״ און האָבן געפּײַפט דורך די פינגער. ס׳האָט זיך געטאָן אַפן טיש און אַף בענק.

„איך, פון מײַן זײַט, מוז דאָך אויך עפּעס ווײַזן״,—האָט דער סויכער־זון אַ טראַכט געטאָן. און ער האָט אָנגעקויפט ראַקעטעס און קנאַק־אַרבעסלעך און אַלערליי מינים פײַערווערק, וועלכע ס׳איז נאָר געווען צו

אַנדערסען, 6

קריגן. דאָס אַלץ האָט ער פֿאַרפּאַקעוועט צו זיך אין קאַסטן און זיך גע־לאָזן דערמיט אינדערלופֿטן.

פּאַך־פּאַך! צישש־צישש! — האָבן די קנאַק־אַרבעסלעך זיך צעקנאַקט און די ראַקעטעס זיך צעצישעט. גרינע און רויטע פֿונקען זײַנען זיך צע־פֿלויגן איבערן גאַנצן הימל, און צווישן דעם דאָזיקן פֿײַערדיקן רעגן האָט דער ווונדערלעכער פֿלי־קאַסטן זיך געטראָגן איבער דער שטאָט. אַלע טערקן האָבן פֿאַר גרויס איבעראַשונג אַזוי אונטערגעטאַנצט, אַז די פּאַנטעפֿל זייערע זײַנען בײַ זיי געפֿלויגן העכער די אויערן. זיי האָבן נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזעלכע ווונדער אינדערלופֿטן. איצט האָבן זיי שוין אַלע געקאָנט גלייבן, אַז דער פּרינצעסנס כאָסן איז טאַקע אַן עמעסער טערקישער גאָט.

און דעם סוחרס זון, ווי ער האָט נאָר אַרויסגעוואָרפֿן אַלע ראַקע־טעס מיט די פֿײַערווערק, אַזוי האָט ער זיך גלײַך אומגעקערט צוריק אין וואַלד. ער האָט באַהאַלטן דעם קאַסטן זײַנעם און איז אַוועק אין שטאָט אַרײַן הערן, וויאַזוי האָט ער דאָרטן בײַ די טערקן אויסגענומען. נו, אַזאַ מין זאַך איז דאָך געווען גאַנץ נאַטירלעך.

און מײַסעס זײַנען שוין וועגן אים אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט אַסאַך, און יעדערער האָט זיי אים דערציילט אויף זײַן באַזונדער אופֿן.

— איך האָב געזען דעם טערקישן גאָט אַליין, — האָט איין טערק דער־ציילט. — די אויגן האָבן בײַ אים געגלאַנצט, ווי די שטערן, און די באָרד איז בײַ אים אַ ווײַסע, ווי דער שוים אויפֿן יאַם!

— ער האָט געשוועבט אין אַ פֿײַער־מאַנטל, — האָט דער צווייטער דערציילט. — פֿון צווישן די פֿאַלדן האָבן אַרויסגעקוקט טויזנטער יונגע מלאָכימלעך.

אָ, יאָ, דעם סוחרס זון האָט אויסגעהערט וועגן זיך אַליין אַן אַ שיר ווונדערלעכע זאַכן. און אויף מאָרגן האָט שוין טאַקע בײַ אים געדאַרפֿט זײַן די חאַסענע.

איצט איז ער אַוועק אין וואַלד אַרײַן, כּדי זיך אַרײַנזעצן אין זײַן פֿלי־קאַסטן און גיכער פֿליִען אין פּאַלאַץ אַרײַן. אָבער וווּ איז ער, דער קאַסטן? ניטאָ, פֿאַרפֿאַלן — דער קאַסטן איז פֿאַרברענט געוואָרן. פֿון די נעבעטיקע ראַקעטעס זײַנען פֿאַרבליבן אין קאַסטן אַ פּאָר פֿונקען, און פֿאַר דער צײַט, וואָס דעם סוחרס זון האָט שפּאַצירט איבערן שטאָט, איז דער קאַסטן דאָ פֿאַרברענט געוואָרן ביז שפּענט. נאָר אַ הויפֿן אַש איז געבליבן.

אוים, דעם סויכערס זון האָט שוין ניט מיט וואָס צו פליִען צו זיך אפ דער כאסענע.

די פרינצעסן איז דעם גאנצן טאָג געשטאנען אפן דאך און געקוקט צום הימל. זי האָט אלץ ארויסגעקוקט אפ איר טערקישן גאָט. זי קער נאָך דאָרטן שטיין איצט אויך. און ער, דער כאָסן, וואנדערט אום איבער דער וועלט און האלט אין איין דערציילן מעַסעס. אָבער די דאָזיקע מעַ־סעלעך זיַינען שוין ניט אזעלכע פריילעכע, ווי־די, וואָס ער האָט דער־ציילט וועגן דעם פעקעלע שוועבעלעך.





# דאָס פײַער־געצײַג



עגאנגענ איז א סאָלדאט איבערנ וועג אונ האָט מארשירט: איינס, צוויי! איינס, צוויי! דאָס רענצל אפ דער פּלייצע, די שווערד בא דער זײַט, וואָרעמ ער איז געווענ אפ דער מילכאָמע, אונ איצט האָט זיכ אימ שוינ פארוואָלט אהיימ גיינ. אזויווי ער גייט, באגעגנט ער אפנ וועג אנ אלטע קישעפמאכערנ. די אלטע איז געווענ שרעקלעכ מיִעס אונ עקלהאפט. די אונטערשטע ליפּ איז בא איר אראָפּגעהאנגענ עפּשער ביז דער סאמע ברוסט.

— גוטנ אָוונט דיר, סאָלדאט! — מאכט צו אימ די קישעפמאכערנ. — ס'ארא מינ פײַנע שווערד בא דיר! אונ דאָס רענצל איז אויכ ניט קיינ שלעכטס! דו ביסט טאקע אנ עמעסער סאָלדאט! איצט וואָלט מענ נאָכ דארפנ, זאָלסט קריגנ אזויפיל געלט, וויפל דו וועסט נאָר קאָנענ פארטראָגנ.

— איכ דאנק דיר, אלטע קישעפמאכערנ, — ענטפערט איר דער סאָלדאט. — געלט, אויב דו וועסט מיר נאָר געבנ, בינ איכ גרייט צו נעמענ. — אונ ער האָט שוינ געהאט אָנגעשטעלט די קעשענע.

— ניט אזוי גיך, — מאכט די קישעפמאכערן. — דו טו א קוק אָט אף דעם־אָ בוים, ער איז אינעווייניק אויסגעהוילט: טאָ קריך ארוף פונויבן, וועסטו דאָרטן דערזען א לאָך: דורך דער דאָזיקער לאָך קאָנסטו אריין אונ זיך אראָפּלאָזן ביז אראָפּ. אונ איך וועל דיך ארומגורטן מיט א שטריק ארום די זייטן אונ וועל דיך ארויסשלעפּן צוריק, ווי נאָר דו וועסט מיך א רוף טון.

— איך פארשטיי ניט, נאָך וואָס דארף איך אהין קריכן? — האָט דער סאָלדאט א פרעג געטאָן.

— דאָרטן וועסטו פאקן דאָס געלט, — האָט די קישעפמאכערן געענטפערט. — דער בוים, דארפסטו וויסן זיין, איז ניט קיין געווייגלעכער. אז דו וועסט זיך אראָפּלאָזן אראָפּ, וועסטו דאָרט דערזען א לאנגן אונטערערדישן דורכגאנג. דאָרטן וועט דיר זיין ליכטיק, ווייל עס ברענען דאָרטן אריבער הונדערט לאָמפּן. איבער דעם דאָזיקן דורכגאנג זאָלסטו גיין אונ אינערגעץ ניט אָפּקערעווען, וועסטו זיך אָנשלאָגן אף דריי טירן. אין יעדער טיר שטעקט א שליסל. טוסט אים נאָר א דריי, אזוי עפנט זיך די טיר אוף. אז דו וועסט אריינקומען אינעם ערשטן צימער, וועסטו זען, ווי ס׳שטייט אפן מיטן דיל א גרויסער קאסטן. אפן קאסטן זיצט א הונט. בא אים זיינען די אויגן אזוי די גרייס, ווי צוויי טיי־שאָלן. נאָר זאָל עס דיך ווינציק וואָס ארן. איך וועל דיר אהין מיטגעבן מיין בלוי־קעסטלדיקן פארטעך, וועסטו אים אויסשפרייטן אפן דיל, אונ דאן גיי אָן מוירע גלייך צום הונט אונ זעצ אים ארופ צו מיר אפן פארטעך. דערנאָך קאָנסטו עפענען דעם קאסטן אונ זיך נעמען געלט, וויפל דו ווילסט אליין. דאָס דאָזיקע געלט איז פון גאָלע קופּער. נאָר טאָמער וועט זיך דיר בעסער פארוועלן האָבן זילבער־געלט, טאָ גיי אין צווייטן צימער. דאָרטן שטייט אויך אפן מיטן דיל א קאסטן, אף דעם דאָזיקן קאסטן וועט אויכעט זיצן א הונט; בא אים זיינען שוין די אויגן, אזויווי צוויי מיל־רעדער די גרייס. נאָר זאָל עס דיך ווינציק וואָס ארן. דו גיי צו אים אָן מוירע, זעצ אים אוועק צו מיר אפן פארטעך אונ דערנאָך נעם דיר זילבער־געלט, וויפל דו ווילסט אליין. אויב דיר ווילט זיך אָבער קריגן גאָלדן געלט, אפילע אזויפיל, וויפל דו וועסט נאָר קענען פארטראָגן, טאָ גיי דאן אין דריטן צימער. דאָרטן שטייט אפן מיטן דיל א קאסטן, אָנגעשאָטן מיט גאָלד, פול ווי אן אויג. אף דעם דאָזיקן קאסטן זיצט שוין א הונט מיט אויגן, אזויווי די קיילעכדיקע טורעמס די גרייס. דאָס איז

שוינ דאפקע איינמאָל א הונט. אז איכ זאָג, מעגסטו זיכ שוינ אפ מיר פארלאָזנ. אָבער דאָס זאָל דיכ אויכ ווינציק וואָס ארנ. דו זעצ אימ נאָר אוועק צו מיר אפנ פארטעכ, וועט ער דיכ שוינ ניט וואגנ אָנרירנ. אונ דאנ נעמ דיר גאָלד, וויפל דײַנ הארצ וועט נאָר גלוסטנ!

— דאָס איז גאָר ניט אזוי שלעכט, — מאכט צו איר דער סאָלדאט. — אָבער וואָס ווילסטו, דו אלטע מעכאשייפע, דערפונ האָבנ? עפעס וואָס קערסטו דאָכ דערפאר וועלנ. איכ שטעל זיכ עס זייער גוט פאָר.

— ניינ, — מאכט צו אימ די קישעפמאכערנ, — איכ וועל בא דיר אפילע קיינ האלבנ שילינג דערפאר ניט נעמענ. דו ברענג מיר נאָר צו טראָגנ דאָס אלטע פײַערגעצײַג, וואָס מײַנ באבע האָט דאָרט פארגעסנ, איידער זי איז דאָס לעצטע מאָל פונ דאָרט ארויסגעקראָכנ.

— נו, רעכט, — מאכט דער סאָלדאט. — בינד מיכ ארומ מיטנ שטריק.

— פארטיק, — זאָגט די קישעפמאכערנ. — אונ אָט האָסטו דיר מײַנ בלוי־קעסטלדיקנ פארטעכ.

אונ דער סאָלדאט האָט ארופגעקלעטערט אפנ בוימ. ער האָט דאָרטנ אָפגעזוכט די לאָכ אונ זיכ אראָפגעלאָזנ אראָפ. דאָרטנ האָט ער געטראָפנ אלצ, פונקט אזויוי די אלטע האָט אימ אויסגעמאָלט. צומ אלעמ ערשטנ האָט ער פאר זיכ דערזענ דעמ אונטערערדישנ דורכגאנג. דאָרטנ איז טאקע געווענ ליכטיק, ווי באטאָג, ווײַל ס'האָבנ געברענט העכער הונדערט לאָמפנ.

דער סאָלדאט איז געגאנגענ איבערנ דאָזיקנ דורכגאנג אזוי לאנג, ביז ער איז געקומענ צו די דרײַ טירנ. האָט ער אָפגעדרייט דעמ שליסל אונ איז ארײַנ אינ ערשטנ צימער ארײַנ. אוכ, איז דאָ געזעסנ א הונט אפנ קאָסטנ, מיט אויגנ, ווי די טיי־שאָלנ די גרייס. ער גלאָצט זײַנע אויגאנעס אפנ סאָלדאט אונ פירט מיט זיי אומ אינ אלע זײַטנ.

— נישקאָשע פונ א כײַע! — מאכט דער סאָלדאט אונ ער איז צוגעגאנ־גענ נעענטער, האָט אימ א נעמ געטאָנ אונ אוועקגעזעצט אפ דער קישעפ־מאכערנס פארטעכ.

דער הונט האָט אימ טאקע קיינ ריר ניט געטאָנ. האָט דער סאָלדאט געעפנט דעמ קאָסטנ אונ אָנגעהויבנ פאקעווענ דאָס געלט צו זיכ אינ די קעשענעס ארײַנ. אָנגעלייגט פולע קעשענעס מיט קופער־געלט, האָט ער פארמאכט דעמ קאָסטנ, צוריק אוועקגעזעצט אהינ דעמ הונט אונ איז אוועק אינ צווייטנ צימער ארײַנ.

און ווירקלעך, דאָ איז טאַקע געזעסן אויף אַ קאַסטן אַ הונט מיט צוויי אויגן, ווי די מילראָדער די גרייס.

— עפּשער וואָלסטו, ליבינקער, אַ מיר ווייניקער געגלאָצט? — מאַכט צו אים דער סאָלדאַט. — ס׳מיר אַ ראַכמאָנעס אויף דיינע אויגן. — ער איז צוגעגאַנגען נעענטער, האָט געגעבן אַ זעץ אַוועק דעם הונט אויף דער קי־שעפּמאַכערנס פֿאַרטעך, און אַליין האָט ער זיך אײַנדערגיך אַ נעם געטאָן צום קאַסטן. דער קאַסטן איז געווען פֿול מיט זילבערנע מאַטבייעס. האָט דער סאָלדאַט אויסגעשאָטן פֿון די קעשענעס דאָס קופּערנע געלט און האָט אָנגעשטאָפּט ביידע קעשענעס און אויך דאָס רענצל מיט אָן אַ שיר זילבערנע געלט און איז מיט דעם אַוועק אין דריטן צימער אַרײַן. אָ, וואָס דאָ טוט זיך. ווונדער איבער ווונדער! אינמיטן צימער שטייט אַ גאָלדענער קאַסטן, און אויף קאַסטן זיצט אַן אומגעלומפּערטע באַשעפעניש. אַ פּאָר אויגן, ווי די עמעסע קײַלעכדיקע טורעמס, און זיי דרייען זיך רונד אַרום, ווי די פֿלינקע רעדער.

— אַ שיינעם און אַ פֿיינעם גוטמאָרגן! — האָט דער סאָלדאַט אויסגערופֿן און צוגעשטעלט צוויי פֿינגער צום היטל. וואָרעם אַזאַ מין הונט זעט ער דאָס ערשטע מאָל אויף זײַן לעבן. ער האָט אים אַ ווײַלינקע באַטראַכט און גלײַך אַ קלער געטאָן צו זיך אַליין: „וואָס ווינציקער וואַקלעניש, אַלץ געזונטער וועט זײַן פֿאַר מיר”. און ער איז צוגעגאַנגען נעענטער, האָט געגעבן אַ זעץ אַוועק דעם הונט אויף פֿאַרטעך און זיך אַ נעם געטאָן צום קאַסטן. טאַטע־זיסער! ווײ, וויפֿל גאָלד דאָ טוט זיך! פֿאַר אַזויפֿיל גאָלד קאָן מען דאָך אָפּקויפֿן די גאַנצע הויפּטשטאָט. מע קאָן אָפּקויפֿן אַלע שפּילעכלעך, אַלע צין־סאָלדאַטלעך, אַלע הילצערנע פֿערדלעך, אַלע פֿלעדלעך און אַלע צוקער־לעקעכלעך פֿון דער גאַנצער וועלט! סע וואָלט שוין געקלעקט אויף אַלץ.

דאָ האָט דער סאָלדאַט אײַנדערגיך אַרויסגעשאָטן פֿון די קעשענעס און פֿונעם רענצל דאָס זילבער־געלט, און האָט מיט ביידע הענט גענומען שאַרן דאָס גאָלד פֿונעם קאַסטן אַרויס, ער האָט אָנגעשטאָפּט פֿולע קעשענעס, אַ פֿול רענצל, אַ פֿול היטל און פֿולע שטיוול מיט גאָלד, ער האָט אָנגעפּאַקעוועט אַזויפֿיל גאָלד, אַז ער האָט זיך קוים געקאָנט רירן פֿונעם אָרט. נו, איצט איז ער שוין אויף אַן עמעס אַ מענטש מיט געלט!

האָט ער אַוועקגעזעצט דעם הונט צוריק אויף זײַן אָרט, האָט אײַנדערגיך פֿאַרהאַקט די טיר און אויסגערופֿן:

— הע, אלטע מעכאשייפע, שלעפּ מיך גיך אפּצוריק!

— און מײַן פֿײַערגעצײַג האָסטו מיטגענומען?— פֿרעגט די קישעפּ־מאכערן.

— ריכטיק!— האָט זיך דער סאָלדאַט אָנגערופֿן.— אָט דאָס האָב איך שוין אינגאַנצן פֿאַרגעסן.

און ער איז אַוועק צוריק, האָט אויפֿגעזוכט דער קישעפּמאכערנס פֿײַערגעצײַג און עס פֿאַרכאַפּט מיט זיך

— פֿאַרטיק!— שרײַט דער סאָלדאַט פֿון לאָך אַרויס.— איך האָב עס!

די קישעפּמאכערן האָט אַ שלעפּ געטאָן די שטריק און אַרויסגע־שלעפּט דעם סאָלדאַט פֿון דער הייל אַרויס.

איצט איז שוין דער סאָלדאַט צוריק געווען אויפֿן גרויסן טראַקט.

— גיב אַהער דאָס פֿײַערגעצײַג,— מאַכט צו אים די קישעפּמאכערן.

— אויף וואָס דאַרפֿסטו, מעכאַשייפע, דאָס דאָזיקע פֿײַערגעצײַג?— פֿרעגט בײַ איר דער סאָלדאַט.

— דאָס איז ניט דײַן אייסעק,— ענטפֿערט אים די קישעפּמאכערן.— דאָס געלט האָסטו באַקומען?! גיב אַהער דאָס פֿײַערגעצײַג.

— טוק־טאַק.— מאַכט דער סאָלדאַט.— איך וויל, זאָלסט מיר די רעגע זאָגן, וואָס דו ווילסט דערמיט טון. זאָגסטו, איז גוט, אויב ניט, צי איך אַרויס מײַן שווערד און האַק דיר אָפּ דעם קאָפּ.

— ניין, איך וועל ניט זאָגן,— האָט די קישעפּמאכערן געענטפֿערט.

האָט דער סאָלדאַט אַרויסגעכאַפּט די שווערד און איר גלײַך אַראָפּ־גענומען דעם קאָפּ.

די קישעפּמאכערן איז געבליבן ליגן, און דער סאָלדאַט האָט פֿאַר־בונדן אינגאַנצן זײַן געלט אין דער קישעפּמאכערנס בלוי־קעסטלדיקן פֿאַרטעך. דאָס פֿײַערגעצײַג האָט ער באַהאַלטן אין קעשענע. דאָס פּעקל אויף דער פּלייצע, און הײַדאַ— גלײַך אין שטאָט אַרײַן.

די שטאָט איז געווען שוין איינמאָל אַ שטאָט— גרויס און שיין, מאַמעש אַ פּראַכט! האָט דער סאָלדאַט זיך אויסגעקליבן דעם בעסטן האָטעל און זיך דאָרטן אָפּגעדונגען דעם שענסטן צימער, און ער האָט באַפֿוילן, מע זאָל אים דערלאַנגען זײַנע ליבסטע מײַכאָלים. עפּעס אַ קלייניקײַט, אַז מע האָט אַזויפֿיל געלט!

דער דינער, וואָס האָט אים געפּוצט די שטיוול, האָט זיך געוווּנדערט, ווי קומט עס, אַז אַזאַ רײַכער פּאָרעץ זאָל גיין אין אַזעלכע צעריסענע

שטיוול. אָבער ווען האָט ער געקאָנט באַווייזן זיך קויפן בעסערע? ערשט אַ מאָרגן האָט דער סאָלדאַט טאַקע איינגעקויפט זייער שיין אָנטון און שטיוול, וואָס זיינען טאַקע געווען פּאַר אים ווי אָנגעמאָסטן.

איצט איז דער סאָלדאַט געוואָרן אַ מענטש אַ פּאַרנעם. די שטאָטלײַט האָבן אים אויסדערציילט וועגן אַלע אויסטערלישע זאַכן, וואָס געפינען זיך בײַ זיי אין שטאָט. זיי האָבן אים אויך דערציילט אַלץ, וואָס זיי האָבן געוווּסט, וועגן דעם קעניג זייערן און וואָס פאַר אַ פײַן קינד זײַן טאָכטער — די פּרינצעסן איז.

— וויאַזוי קאָן מען זי אָנקוקן? — האָט דער סאָלדאַט אַ פרעג געטאָן.

— נו, דאָס איז שוין ניט פון די גרינגע זאַכן, — האָבן אים די לײַט געענטפערט. — די פּרינצעסן וווינט אין אַ גרויסן קופּערנעם פּאַלאַץ, וואָס איז אַרומגעבויט מיט שטיינערנע ווענט און מיט הויכע טורעמס. קיינער, אויסער דעם קעניג אַליין, טאָר זיך ניט דערוועגן אַרײַן אָדער אַרויס פון דאָרט. ווערסטו דאָך פרעגן „פאַרוואָס?" ווײַל דעם קייסער האָט עמעצער פירגעזאָגט, אַז אַף זײַן טאָכטערס מזל איז אָנגעצייכנט, זי זאָל כאַסענע האָבן פאַר אַ פּראָסטן סאָלדאַט. קלאָר, אַז אַף אַזאַ מין זאַך וועט דער קעניג, פאַרשטייט זיך, בעשומויפן ניט אײַנגיין.

„איך אַזוי, וואָלט איך זי ערשט אַ באַלד געווען אָנקוקן", — קלערט דער סאָלדאַט צו זיך אַליין. אָבער ווּיל יאָ, ווּיל ניט, אַז אַף אַזאַ מין זאַך איז גאָר ניט שײַך צו קריגן קיין דערלויבעניש.

דערצו איז נאָך דער סאָלדאַט געווען אַ מענטש, וואָס האָט ניט ליב געהאַט זיך נעמען צום האַרצן, האָט ער דערווײַל אָנגעהויבן פירן אַ לוסטיק לעבן. ער פלעג אַלע טאָג גיין אין טעאַטער, שפּאַצירן אינעם קעניגלעכן פּאַרק און טיילן אָרעמעלײַט געלט, ווײַל ער האָט דאָך גאָר ניט לאַנג אַליין געפילט דעם טאַם, ווי שלעכט ס'איז צו זיצן אָן אַ קאָפּיקע בײַ דער נעשאָמע.

נו, און איצט, אַז דער סאָלדאַט איז געוואָרן רײַך און איז געגאַנגען שיין אָנגעטאָן, האָבן זיך צו אים גענומען שאַרן אַסאַך גוטע־פרײַנט. אַלע טײַנען זיי אין איין קאָל, אַז ער איז אַ זעלטענער מענטש און אַן עכטער קאַוואַליער, און אַזעלכע רייד זײַנען אים זייער געווען צום האַרצן.

געלט אויסגעבן האָט ער זייער שיין געקאָנט און אײַנבררענגען דאַפקע ניט. האָט דער סאָלדאַט אַזוי לאַנג געשאָטן מיט געלט, ביז ער האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז עס זײַנען בײַ אים געבליבן צוויי שילינג אין קעשענע

און מער גאָרניט. אויב אזוי, האָט דער סאָלדאט געמוזט פארלאָזן זײַן שיינע דירע און זיך אַרײַנקלײַבן אין אן ענג, אָרעם צימערל, אי דאָס אונטערן סאמע דאך. ער האָט שוין אליין אָנגעהויבן פוצן זיך די שטיוול און פארשטשאָבען די לעכלעך אפן אָנטון. די גוטע־פרײַנט האָבן צו אים אופגעהערט ארופקומען, ווײַל ביז מע קומט אהער אפן בוידעם־שטיבל, דארף מען צופיל טרעפ בײַקומען.

אין איינעם אן אָוונט זיצט זיך אזוי דער סאָלדאט אין דער פינצטער. ער פארמאָגט שוין ניט אפילע קיין געלט אף קיין גראָשנדיקן ליכטל. און אזויווי ער זיצט, דערמאנט ער זיך, אז ער האָט דאָך דער קישעפמאכערנס פײַערגעצײַג. האָט דער סאָלדאט ארויסדערלאנגט דאָס פײַערגעצײַג און גענומען קרעסען פײַער. ווי ער האָט נאָר דאָס ערשטע מאָל א קרעסע געטאָן, אזוי האָט זיך גלײַך געעפנט די טיר, און דער הונט מיט די צוויי אויגן, ווי די טיי־שאָלן די גרייס, איז פאר אים געבליבן שטיין. דאָס איז געווען יענער זעלבער הונט, וועלכן דער סאָלדאט האָט געזען אינעם ערשטן צימער פון דער הייל, וואָס אונטערן בוים.

— וואָס ווילסטו, מײַן האר, זאָגן גוטס? — האָט אים דער הונט א פרעג געטאָן.

— אָט דאָס איז א קונץ! — האָט זיך דער סאָלדאט אָנגערופן. — לאָזט זיך אויס, אז דאָס פײַערגעצײַג קאָן מיר גראדע זייער שיין צונוץ קומען.

— שאף מיר אײַן א ביסל מינץ, — מאכט ער צום הונט.

דער סאָלדאט האָט קוים באוויזן ארויסצוריידן, ווי דער הונט איז גלײַך פארשוואונדן געוואָרן. און ס'האָט ניט געוועדט קיין אויגנבליק, ווי דער הונט איז שוין דאָ צוריק מיט א פולן בײַטל קופער־געלט אין מויל.

איצט האָט ערשט דער סאָלדאט פארשטאנען, וואָס פאר א וווּנדערלעך פײַערגעצײַג ער האָט. אז ער טוט איין מאָל א קרעסע פײַער, וואקסט פאר אים אויס דער הונט מיט די אויגן, ווי צוויי טיי־שאָלן די גרייס. טוט ער צוויי מאָל א קרעסע — אזוי וואקסט פאר אים אויס דער הונט מיט די אויגן, ווי די מילרעדער די גרייס. טוט ער דרײַ מאָל א קרעסע — אזוי וואקסט פאר אים אויס דער הונט, וואָס יעדער אויג איז בא אים די גרייס ווי א קײַלעכיקער טורעם, און ער ווארט אף זײַן באפעל. דער ערשטער הונט טראָגט אים קופערן געלט, אז ער דארף, דער צווייטער ברענגט אים זילבער, און דער דריטער — ריין גאָלד.

איצט איז דער סאָלדאט צוריק רײַך געוואָרן. ער האָט זיך צוריק אי־

בפֿרגעקליבן אין די בעסטע צימערן און זיך פֿונסנײַ גענומען פּוצן אין די שענסטע קליידער. אַלע זײַנע גוטע־פֿרײַנט האָבן זיך צוריק גענומען צו אים דערנעענטערן, און ער איז בײַ זיי צוריק געוואָרן געהויכט און געקרוינט.

עפּעס איינמאָל איז דעם סאָלדאַט געקומען אַפֿן געדאַנק: פֿונדעסט־וועגן איז א גרויסער פֿאַרדראָס, וואָס מע קאָן בעשום־אופֿן ניט אָנקוקן די פּרינצעסן! אַלע זאָגן דאָך, אַז זי איז שיין, ווי די וועלט! וואָס וועט איר אַרויסקומען, אויב זי וועט שוין פֿאַרזיצן אירע יאָרן אינעם קופּער־נעם שלאָס צווישן די הויכע ווענט מיט די טורעמס? אַנו, ווו איז עס ערגעץ מײַן פֿײַערגעצײַג?

און ער האָט א קרעסע געטאָן איין און איינציק מאָל:

אין דעם זעלבן אויגנבליק איז פֿאַר אים אויסגעוואַקסן דער הונט מיט די אויגן, ווי די טיי־שאָלן די גרייס.

— הער אָקאָרשט אויס, מײַן פֿרײַנט, — האָט זיך דער סאָלדאַט אָנגע־רופֿן, — איצט איז שוין אַפֿילע האַלבע נאַכט, נאָר סע ווילט זיך מיר שרעק־לעך אָנקוקן די פּרינצעסן, זאָל זײַן כאָטש אויף איין אויגנבליק.

דער הונט האָט גלײַך גענומען דעם וועג, און דער סאָלדאַט האָט זיך אַפֿילע ניט באַוויזן אַרומקוקן, ווי דער הונט איז שוין געווען צוריק מיט דער שלאָפֿנדיקער פּרינצעסן.

די פּרינצעסן איז געשלאָפֿן באַם הונט אויפֿן רוקן און איז געווען אַזוי וווּנדערלעך שיין, אַז פֿונעם ערשטן קוק האָט יעדערער אויף איר געקאָנט דערקענען, אַז דאָס איז טאַקע אַן עמעסע פּרינצעסן. דער סאָלדאַט אונדזע־רער האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און זי געמוזט א קוש טון. דערויף איז ער דאָך געווען א בראַווער סאָלדאַט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס.

דערנאָך האָט דער הונט אָפּגעטראָגן די פּרינצעסן צוריק אין פּאַלאַץ אַרײַן, פּונקט אויף דעם זעלבן שטייגער, ווי ער האָט זי אַהער געבראַכט צו טראָגן.

אינדערפֿרי באַם אָנבײַסן האָט די פּרינצעסן דערציילט דעם קעניג מיט דער קעניגן, וויאַזוי עס האָט זיך איר באַנאַכט געכאָלעמט א וווּנ־דערלעכער כאָלעם. זי איז קלוימערשט געפֿאָרן אויף א הונט רײַטנדיק, און עפּעס איינער א סאָלדאַט האָט זי אַפֿילע א קוש געטאָן.

— א שיינע מײַסע? — מאַכט צו איר די קעניגן. קענטיק, אַז דער כאָ־לעם איז איר געווען ניט שטאַרק צום האַרצן.

אויף דער קומענדיקער נאַכט האָט מען צוגעשטעלט צו דער פּרינצעסנס געלעגער אַן אַלטע הויף־דאַמע, און מע האָט איר אָנגעזאָגט, זי זאָל

געווירע ווערן, צי איז עס ווירקלעך געווען אַ כאַלעם און צי ס׳איז דאָ אָפּטמאָל ניט פֿאַרמישט עפּעס אַנדערש.

דער סאָלדאַט האָט זיך דערוווּסט ווידער שרעקלעך פֿאַרבענקט: ער כאַלעשט, אַזוי וויל ער זען די פּרינצעסן. דערום איז אויך די נאַכט געקומען צו לויפֿן דער הונט, האָט אַ כאַפּ געטאָן די פּרינצעסן און זיך געלאָזט מיט איר לויפֿן, ווי ער קאָן נאָר. אָבער די אַלטע הויף־דאַמע האָט אינדערגיך אָנגעטאָן אַ פּאָר גרויסע וואַסער־שטיוול און זיך אַוועקגעלאָזן נאָך זיי. ווי זי האָט דערזען, אַז דער הונט איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן מיט דער פּרינצעסן לעם איינעם אַ גרויסן הויז, האָט די הויף־דאַמע צו זיך אַליין אַ טראַכט געטאָן: „איצט ווייס איך שוין, וווּ מיר האַלטן!״ און זי האָט גענומען אַ שטיקל קרייַד און געמאַכט אַ גרויסן ציילעם אויפֿן טויער. דערנאָך איז זי זיך רויִק אַוועק אַהיים און זיך געלייגט שלאָפֿן. אָבער זי האָט זיך צו גיך באַרויִקט. אַז ס׳איז געקומען די צײַט אָפּטראָגן די פּרינצעסן צוריק, האָט דער הונט דערזען דעם ציילעם אויפֿן טויער, און ער האָט זיך גלײַך אָנגעשטויסן, וואָס דאָס מיינט. האָט ער אויך געכאַפּט אַ שטיקל קרייַד און אָנגעמאָלט ציילעמער אויף אַלע הויז־טירן פֿון דער גאַנצער שטאָט. דאָס איז גראַדע געווען זייער אַ קלוגער אויפֿטו: זאָל איצטער פּרוּוון די הויף־דאַמע אָפּזוכן זייער טויער, אַז אומעטום זײַנען אָנגעמאָלט פּונקט די זעלבע ווײַסע ציילעמער.

אויף מאָרגן אינדערפֿרי האָבן זיך דער קעניג, די קעניגין, די אַלטע הויף־דאַמע און אַן אַ שיר אָפֿיצערן אַוועקגעלאָזן אַ קוק טון, וווּ איז עס די פּרינצעסן די נאַכט געווען.

— אָט איז עס, — האָט דער קעניג אויסגערופֿן און אַ ווײַז געטאָן אויף אַ ווײַסן ציילעם איבערן ערשטן טויער.

— ניין, זיסער מאַן, — זאָגט די קעניגין, — ס׳איז גאָר אָטאָ דאָ! — וואָרעם זי האָט דערזען אַ ציילעם אויף אַ צווייטן טויער.

— און אָנאָ שטייט אויך אַ ציילעם, און אָטאָ אויך, — האָבן זיך די אָפֿיצערן אָנגערופֿן. וואָרעם וווּ זיי האָבן נאָר ניט אַ קוק געטאָן, זײַנען אומעטום געווען אָנגעמאָלט ווײַסע ציילעמער אויף די טויערן. אַזוי, אַז זיי זײַנען הײַנטיקס מאָל אַרויס אינגאַנצן ניט וויסנדיק.

אָבער די קעניגין איז געווען אַ גרויסער קאָפּ־מענטש, און כוץ אַרומפֿאָרן אין די קאַרעטעס האָט זי נאָך עפּעס געקאָנט. דערום האָט זי גלײַך באַפֿוילן אירע דינער, זיי זאָלן איר דערלאַנגען איר גאָלד־

שערעלע מיט א היפש שטיקל זייד, און זי האָט אופגעניימט א שיין גאָלדן בײַטעלע. אהער, אינעם דאָזיקן בײַטעלע, האָט זי אָנגעשאָטן רעטשענע גרויפּן און האָט עס אומבאַמערקט צוגעפעסטיקט בײַ דער פּרינצעסן אפן דער פּלייצע. ‑דערנאָך האָט זי דורכגעשטאָכן אין בײַטעלע א לעכל, קעדיי די גרויפּן זאָלן זיך שיטן און איבערלאָזן א שפּור, בײַם די פּרינצעסן וועט ווידעראמאָל זיך לאָזן פאָרן צו איר סאָלדאט.

באנאכט האָט זיך דער הונט ווידעראמאָל אראָפּגעוויזן, האָט ארופגעכאפּט די פּרינצעסן צו זיך און זי אוועקגעטראָגן צום סאָלדאט אהיים. און פאר דער צײַט האָט זיך שוין דער סאָלדאט אזוי שטארק פארליבט אין דער פּרינצעסן, אז ער איז גרייט געווען אפילו די רעגע מיט איר כאסענע האָבן. נו, און דערצו קאָן ער דאָך ווערן דעם קעניגס אן איידעם, דאָס איז אויך ניט פון די קלייניקייטן.

דער הונט איז געלאָפן בליץ־שנעל און האָט אפילו ניט באמערקט, וויאזוי די גרויפּן האָבן זיך געשאָטן דעם גאנצן וועג פונעם קופּערנעם שלאָס אָן ביזן סאָלדאטס שטוב.

גאנצפרי זײַנען דער קעניג מיט דער קעניגין ארויס פון זייער פּאלאַץ, האָבן געכאפּט א קוק אפן שליאך און האָבן שוין גלײַך דערקענט, וווהין די פּרינצעסן איז געפאָרן. האָט מען דעם סאָלדאט גלײַך געכאפּט און אים פארזעצט אין טורמע.

דער סאָלדאט איז דאָרט, נעבעך, געזעסן און געזעסן. אך ווי פינצטער און ווי לאנגווײַליק ס'איז אים דאָרט געווען!

נאָר דאָס איז אלץ גאָרניט. איינמאָל רופט זיך אָן דער וועכטער צום סאָלדאט:

— דו ווייסט? מאָרגן וועט מען דיך שוין אופהענגען!

איצט איז שוין דעם סאָלדאט גאָר געוואָרן קאלעמוטנע. ער האָט אָנגעהויבן צוטראכטן פארשיידענע מיטלען, וויאזוי זיך ארויסראטעווען פון טויט, אָבער ער האָט גאָרניט ניט געקאָנט צוקלערן. דער גאנצער אומגליק איז באשטאנען אין דעם, וואָס דעם ווונדערלעכן פײַערגעצײַג זײַנעם האָט ער דאָך פארגעסן אינדערהיים.

אפן מאָרגן אינדערפרי איז ער צוגעגאנגען צום קליינעם פענצטערל און גענומען ארויסקוקן דורך דער אײַזערנער גראטע. זעט ער, ווי דאָס פאָלק איַלט זיך גאנצע מאכנעסווײַז: אלע לויפן אויסער דער שטאָט — עס ווילט זיך זיי אָנקוקן, וויאזוי מע וועט הענגען דעם סאָלדאט. סע

קלאפנ שוינ פונדעדוהײַטנס די פויקנ, אונ די סאָלדאטנ מאַרשירנ. אָבער אָט איז פאַרבײַ דער סאמע טורמע־דורכגעלאָפנ עפּעס א יאטל אינ א שוסטערשנ פאַרטעכ אונ אינ פאנטעפל אפ די באָרוועסע פיס. ער לויפט אונ טאנצט אזש אונטער. נאָר פלוצעמ איז בא אימ אראָפּגעפלויגנ איינ פאנטעפל אונ זיכ דערלאנגט א קלאפ פונקט אינ דער וואנט, ווו עס איז געווענ דאָס פענצטערל, פונוואנענ דער סאָלדאט האָט ארויסגעקוקט.

— הײ, דו, שוסטער־יונג, — מאכט צו אימ דער סאָלדאט, — וואָס האָסטו זיכ אזוי צעטראָגנ? זעסט דאָכ, אז איכ בינ נאָכ דאָ, אונ אָנ מיר וועט דאָרטנ סײַווי גאָרניט ניט זײַנ. דערפאר אָבער, ווענ דו טוסט א שפרונג צו מיר אהײמ אונ ברענגסט מיר צו טראָגנ מײַנ פײַערגעצײַג, דאנ קריגסט בא מיר גאנצע פיר שילינג פארנ גאנג. אָבער דו מוזסט עס מאכנ שנעל אונ אפ איינ פוס. אָפּגערעדט?!

דאָס יאטל איז ניט געווענ פויל צו פארדינענ די פיר שילינג, האָט ער זיכ א לאָז געטאָנ פײַל־אויסנ־בויגנ אונ געבראכט צו טראָגנ דעמ סאָלדאט זײַנ פײַערגעצײַג, אונ... יאָ, אונ איצט לאָמיר הערנ, וואָס ס'איז פונ דעמ געוואָרנ.

פונ יענער זײַט שטאָט האָט מענ אויסגעבויט א הויכע טליע. ארומ איר זײַנענ געשטאנענ אסאכ סאָלדאטנ אונ גאנצע מאכנעס שטאָטלײַט. דער קעניג מיט דער קעניגינ זײַנענ זיכ געזעסנ אויבנאָנ אפ זייערע געבעטע שטולנ פונקט אנטקעגנ די ריכטער אונ אנטקעגנ דעמ גאנצנ קעניגלעכנ ראט.

אָט האָט מענ שוינ דעמ סאָלדאט ארופגעפירט אפנ לייטער, אונ דער טאליענ איז שוינ גרייט אימ פארווארפנ דעמ שלייף אפנ האלדז. אָבער דאָ האָט דער סאָלדאט געבעטנ, מע זאָל צוווארטנ א רעגע.

— סע וואָלט זיכ מיר זייער וועלנ, — מאכט ער, — פארויכערנ מײַנ ליולקע. דאָס וועט דאָכ זײַנ דאָס לעצטע מאָל אינ מײַנ לעבנ.

אונ אינ דעמ דאָזיקנ לאנד איז געווענ אײַנגעפירט א מינהעג פונ פארצײַטנ, אז מע דארפ אויספילנ דעמ לעצטנ פארלאנג פונ יעדנ איינעמ, וואָס איז פארורטיילט צומ טויט. מיטנ איינעמ טנאַי, פארשטייט זיכ, אויב דער דאָזיקער פארלאנג באשטייט בלויז פונ א קלייניקײַט.

דערומ האָט טאקע דער קעניג ניט געקאָנט זײַנ אזוי שלעכט, אונ ער האָט געהייסנ, מע זאָל דעמ סאָלדאט צוליב טונ.

דער סאָלדאט האָט גענומענ דעמ ציבעק אינ מויל ארײַנ, האָט ארויסגענומענ פונ קעשענע דאָס פײַערגעצײַג אונ גענומענ קרעסענ פײַער. ער האָט א קרעסע געטאָנ פריער איינ מאָל, דערנאָכ צוויי מאָל, אונ דערנאָכ

דרײַ מאָל, און סע זײַנען פאר אים מיטאמאָל אויסגעוואקסן דרײַ הינט. באַ איינעם זײַנען די אויגן געווען, ווי צוויי טיי־שאָלן די גרייס, באַם צווייטן — ווי צוויי מילרעדער, און באַם דריטן זײַנען די אויגן געווען, ווי קײַלעכדיקע טורעמס.

— אנו, פרײַנטעלעך, — מאכט צו זיי דער טאָלדאט, — העלפט מיר, ווי עס איז, אויסגעלייזט ווערן פון דער דאָזיקער טליע.

דאָ האָבן אלע דרײַ הינט זיך א וואָרף געטאָן אפ די ריכטער און אפן קעניגלעכן ראט. איינעם האָבן זיי א כאפ געטאָן פאר די פיס, דעם צווייטן פאר דער נאָז און יעדערן אונטערגעוואָרפן אזוי הויך, אז יענער איז דערנאָך אראָפגעפאלן און צעשאָטן געוואָרן אפ שטיק־שטיקלעך.

— מיך נישט! איך וויל נישט! — האָט זיך דער קעניג צעשריגן. אָבער דער סאמע גרעסטער הונט האָט אים געגעבן א כאפ צוזאמען מיט דער קעניגין און ער האָט זיי געגעבן א שלײַדער גלײַך נאָך אלע איבעריקע. דאָ האָבן זיך די סאָלדאטן דערשראָקן, און דאָס גאנצע פאָלק האָט גע־נומען שרײַען אין איין קאָל:

— גוטער סאָלדאט, מיר קלײַבן דיך אויס פאר א קעניג און מיר בעטן דיך, זאָלסט נעמען אינדזער פרינצעסן פאר א קאלע.

אויב אזוי, האָט מען דעם סאָלדאט אוועקגעזעצט אין קייסערס קא־רעטע. די דרײַ הינט האָבן געטאנצט פאר דער קארעטע און געשריגן: „הורא". די ווײַסעכעוורעניקעס האָבן אלע געפײַפט, און די סאָלדאטן האָבן אָפגעגעבן סאליוט. די פרינצעסן איז ארויס פון איר קופערנעם שלאָס און איז געוואָרן קעניגין. די גאנצע מײַסע האָט איר, דעם עמעס געזאָגט, פארשאפט אסאך פארגעניגן. די כאסענע־מאָלצײַטן האָבן זיך געצויגן אכט טעג דורכאנאנד. די דרײַ הינט זײַנען אויך געזעסן ארום טיש, האָבן געזויפט און געפרעסן און די גאנצע צײַט געגלאָצט מיט זייערע מעשונע־מאָדנע אויגאנעס.





# דוימעלע


מאָל איז געווענ א פרוי, האָט זי ניט געהאט קיינ קינדער,
אונ זי איז מאמעש אויסגעגאנגענ, אזוי האָט זי געוואָלט
האָבנ כאָטש א קליינ פּיצעלע קינד. נעמט זי איינמאָל אונ גייט
אוועק צו אנ אלטער קישעפמאכערנ אונ רופט זיך צו
איר אָנ:

— איך גיי אויס, אזוי וויל איך האָבנ א קליינ קינד.
עפּשער וועסטו מיר געבנ אנ אייצע, וויאזוי איך זאָל צו דעם קומענ.

— מיטנ שענסטנ קאָוועד, — האָט די קישעפמאכערנ געענטפערט, —
דאָס איז דאָך גאָר ניט פונ די שווערע זאכנ. אָט האָסטו דיר א גערשטגדל.
אָט דאָס גערשטנדל איז ניט פונ יענעמ מינ גערשטנ, וואָס וואקסט
אפ די פויערשע פעלדער אונ וואָס מע וואַרפט עס פאר די הינער. נעמ
אָט דאָס־אָ גערשטנדל, פארזעצ עס אינ א בלומענ־טאָפּ, אונ דערנאָך וועס־
טו שוינ זענ, וואָס סע וועט דערפונ ווערנ.

— איך דאנק דיר, — האָט די פרוי געזאָגט אונ האָט געגעבנ דער קי־
שעפּמאכערנ צוועלף גראָשנ. דערנאָך איז זי אוועק אהיימ אונ פארזעצט

דאָס גערשטנדל איז א בלומען־טאָפּ. ווי זי האָט עס נאָר פאַרזעצט, אזוי האָט דאָס גערשטנדל גלײַך גענומען אַרויסשפּראָצן, און פונעם שפּראָצ־לינג איז אויסגעוואַקסן א גרויסע וווּנדערלעכע בלום, ווי אַן עמעסער טיולפּאַן. אָבער די בלעטעלעך אַרום זײַנען נאָך געווען פעסט פאַרמאַכט, פונקט ווי אַף א קנאָספּ.

— אַך, ס׳איז מײַן ליב בלימעלע! — האָט די פרוי א זאָג געטאָן און גענומען קושן די בלום אין די רויטע און געלע שיינע בלעטער. אָבער ווי זי האָט זיך נאָר אָנגערירט מיט די ליפּן אין די בלומען־בלעטער, אזוי האָט אינעווייניק עפּעס א קנאַק געטאָן, און די בלום האָט זיך צעעפנט. דאָס איז טאַקע געווען אַן עמעסער טיולפּאַן, נאָר אינעווייניק אין שיסעלע איז אויפן גרינעם פעסטל פון דער בלום געזעסן א פּיצינק מיידעלע, זייער א שיינס און א ליבס. דאָס מיידעלע איז אינגאַנצן געווען ווי א דוימעלע די גרייס, און דעריבער האָט מען איר טאַקע געגעבן אזא נאָמען — דאָס דוימעלע.

א האַלבע שאָלעכץ פון א וואָלעכשן ניסל האָט זי באַקומען פאַר א וויגעלע, פרישע בלויע פײַלכנס זײַנען געווען איר בעטגעוואַנט, און אַלס קאָלדרעלע האָט איר געדינט א שיינע רויזן־בלאַט. אין דעם דאָזיקן וויגעלע פלעגט דוימעלע שלאָפן בײַנאַכט, און בײַטאָג פלעגט זי זיך שפּילן אַפן טיש.

די פרוי האָט אוועקגעשטעלט אַפן טיש א טעלער מיט וואַסער, די בריגן טעלער האָט זי אַרומגעלייגט מיט בלומען אזוי, אַז די לאַנגע בלו־מען־שטענגלעך האָבן זיך געבאָדן אין דער וואַסער. פאַר דוימעלען איז דער טעלער מיט וואַסער געווען ווי א גאַנצע אָזערע, און איבער דער דאָזיקער אָזערע איז זיך דוימעלע געשוווּמען אַף א טיולפּאַן־בלאַט, ווי אַף א שיפעלע. אָנשטאָט רודערס האָט זי געהאַלטן אין די הענט צוויי פער־דישע האָר.

גאַנצענע טעג פלעג דוימעלע אומשווימען אַף איר וווּנדערלעכע שיפע־לע. זי פלעג איבערשווימען פון איין עק טעלער צום צווייטן און פלעג זיך זינגען דערבײַ אַלערליי שיינע לידער.

אזא מין איידל קולעכל, ווי בײַ איר, האָט נאָך קיינער קיינמאָל ניט געהערט.

איינמאָל בײַנאַכט, ווען דוימעלע איז, ווי געוויינלעך, געשלאָפן בײַ זיך אין וויגעלע, האָט גענומען א גרויסע זשאַבע און איז אַרײַנגעקראָכן דורך דער צעשפּאָלטענער טאַפליע אין צימער אַרײַן. די זשאַבע איז געווען

גליטשיק און שרעקלעך מיעס. אז זי איז שוין געווען אינעווייניק אין צי־מער, איז זי צום אלעם ערשטן ארופגעשפרונגען אפן טיש און געגעבן א קוק גלייך צו דער שאָלעכץ פונעם וואָלעכשן ניסל; דאָ איז אונטערן רויזן־בלעטעלע געשלאָפן דאָס קליינע דוימעלע.

— פונקט אזא ווייב וואָלט איך וועלן האָבן פאר מיין זון, — האָט זיך די זשאבע אָנגערופן און זי האָט א כאפּ געטאָן דאָס שאָלעכץ־וויגעלע מיטן מיידעלע צוזאמען און איז ארויסגעשפרונגען צוריק אין גאָרטן אריין.

אין גאָרטן האָט געפלאָסן א טייכל, וואָס איין ברעג זיינער איז געווען אינגאנצן זומפּיק, און אָט דאָ טאקע האָבן אינעם זומפּיקן שלאם געוווינט די אלטע זשאבע מיט איר זון. דער זון איז אויך געווען גליטשיק און העס־לעך און איז געווען געראָטן אין זיין מאמען — אז סע זאָל פעלן א האָר!

— קוואָ־אקס, קוואָ־אקס, ברעקקע־ק־קעס, — דאָס איז געווען אלץ, וואָס ער האָט געקענט ארויסריידן, ביז ער האָט דערזען דאָס פיצעלע מיידעלע אין דער שאָלעכץ פונעם וואָלעכשן ניסל.

— רעד ניט אזוי הויך! — האָט זיך די אלטע זשאבע אָנגערופן, — וואָרעם זי קען זיך נאָך אופכאפן און פון אונדז אינגאנצן אנטלויפן. זי איז גרינג, ווי א פעדערל. איך קלער זי גאָר אוועקזעצן דאָרטן אין דער סאַ־מע מיט פון טייך אף א בלאט פון א וואסער־קריגעלע. פאר אזא מין פּי־צעלע מיידעלע וועט עס זיין א גאנצער אינדזל. פונדאנען אנטלויפן מעג זי שוין פארגעסן. און ביז עפּעס־וואָס וועל איך זען איינאָרדענען פון אייערטוועגן א ווויל נעסטעלע אין שלאם.

אין טייך זיינען געוואקסן אסאך וואסער־קריגעלעך, און זייערע גרינע, ברייטע בלעטער זיינען געשווומען איבערן וואסער. דער סאמע גרעסטער בלאט איז געלעגן גאָר ווייט פונעם ברעג. איז די זשאבע צוגעשווומען צו דעם דאָזיקן בלאט און אוועקגעשטעלט אף דעם דאָס שאָלעכץ־וויגעלע מיטן שלאָפנדיקן מיידעלע.

גאנצפרי כאפּט זיך דוימעלע אוף און דערזעט, אז זי געפינט זיך אף א גרינעם שווימענדיקן בלאט. אפן גאנצן ארום איז וואסער און וואסער אָן א ברעג. דאָ איז דוימעלע זייער דערשראָקן געוואָרן, און זי האָט גע־מאכט א געוויין. און די אלטע זשאבע איז דערווייל געזעסן אינעם שלאם און האָט באפוצט איר הויז מיט טשערעט און מיט געלע וואסער־קריגע־לעך. קלאָר: זי האָט געוואָלט וואָס מער אויסנעמען בא איר יונגער שנור.

און אז אלץ איז שוין געווען פארטיק, האָט די זשאבע גענומען איר העסלעכ זונדל, און זיי זײַנען ביידע אוועקגעשווומען צו יענעם בלאט, וווּ דוימעלע האָט זיך געפונען. זי האָט געקלערט מיטנעמען דוימעלעס וויג־בעטעלע און עס אוועקשטעלן אינעם נײַעם שלאָפצימער.

די אלטע זשאבע האָט זיך געבויגן א טוק אונטער אנטקעגן דעם מיידעלע און זיך אָנגערופן:

— אָט דאָס איז מײַן זון. קאָנסט אָפּ אים א קוק טון. פון הײַנט אָן און ווײַטער וועט ער שוין זײַן דײַן מאן, און איר וועט ביידע וווינען פון א לעבן דאָרטן בא אונדז אינעם שלאמיקן זומפּ.

— קוואַק, קוואַקס, ברעקקע־קע־קעקס, — דאָס איז אלץ, וואָס מע האָט פונעם „שיינעם זון" געקאָנט הערן.

די זשאבעס האָבן פארנומען דאָס וויג־בעטל און זײַנען מיט דעם אוועקגעשווומען. און דוימעלע איז געבליבן איינע אליין אפן גרינעם בלאט און האָט זיך ביטער צעוויינט. וואָרעם זי האָט ניט געוואָלט וווינען מיט דער גליטשיקער זשאבע אינעם שלאמיקן זומפּ און כאסענע האָבן פאר איר העסלעכן זון האָט זי אוואדע ניט געוואָלט.

דערווײַל האָט געטראָפן, אז די קליינע פישעלעך, וואָס זײַנען געשווומען פארבײַ, האָבן געזען די זשאבע און איר זון און זיי האָבן געהערט, וואָס זיי האָבן גערעדט צו דוימעלען. האָבן זיי ארויסגעשטעקט זייערע פיסקלעך פון דער וואסער ארויס, קעדיי אָנצוקוקן די קליינינקע קאלע. ווי די פישעלעך האָבן נאָר דערזען דוימעלען, אזוי האָבן זיי זי זייער ליב באקומען, און ס'האָט זיי גלײַך פארדראָסן די מײַסע. זיי האָבן פארשטאנען, אז די זשאבעס וועלן זי געוויס אוועקשלעפן צו זיך. „ניין, מע טאָר אזא זאך ניט דערלאָזן!" און די פישעלעך זײַנען אלע אָנגעשווומען צום וואסער־קריגעלע, וווּ דוימעלע איז געזעסן, און זיי האָבן אלע צוזאמען אָפּגעביסן דעם בלאט פונעם שטענגל. ווי דער בלאט איז געוואָרן פרײַ, אזוי איז ער גלײַך אוועקגעשווומען מיטן שטראָם. דער שטראָם איז געווען א שטארקער, און דער בלאט מיטן מיידעלע זײַנען געשווומען גאנץ שנעל. איצט וואָלט שוין די זשאבע ניט געקאָנט אָניאָגן דוימעלען, אפילו זי זאָל וועלן. און דוימעלע איז זיך געשווומען אלץ ווײַטער און ווײַטער, און די פייגעלעך, וואָס זײַנען געזעסן צווישן די קוסטן, האָבן געקוקט אף איר און צוגעזונגען:

— אך, ס'ארא שיין, ליב מיידעלע דאָס איז!

א שײנע װײַס באַבעלע האָט די גאַנצע צײַט נאָכגעשװעבט נאָך דוימע־לען, ביז עס האָט זיך ענדלעך אַראָפּגעלאָזט צום שװימענדיקן בלאַט. דאָס קלײן פּיצעלע מײדעלע האָט באַ דעם זײער אױסגענומען. דוימעלע האָט אױסגעטאָן איר גאַרטעלע, אײן עק האָט זי אַרופֿגעװאָרפֿן אױפֿן באַבעלע און דעם צװײטן האָט זי פֿאַרפֿעסטיקט צו דעם בלאַט. איצט איז דער בלאַט אװעקגעשװוּמען נאָך פֿליַנקער.

פּלוצעם איז נאָענט פֿאַרבײַ דורכגעפֿלױגן א מײַ־זשוק. װי ער האָט דערזען דוימעלען, האָט ער זי געגעבן א כאַפּ און אװעקגעטראָגן צו זיך אױפֿן בױם, און דער גרינער בלאַט איז זיך אװעקגעשװוּמען װײַטער און צוזאַמען מיט אים דאָס באַבעלע — דאָס באַבעלע האָט זיך דאָך ניט געקאָנט אָפּרײַסן, װײַל ס'איז געװען צוגעבונדן צום בלאַט.

דאָס אָרעמע דוימעלע האָט זיך, נעבעך, זײער דערשראָקן, װען דער מײַ־זשוק האָט זי א כאַפּ געטאָן און איז מיט איר געקומען צו פֿליִען צום בױם. אָבער דער מײַ־זשוק איז ניט אַזאַ, װאָס זאָל זיך פֿון אַלצדינג נעמען צום האַרצן. ער האָט זיך באַזעצט סאַמע פֿונױבן אױפֿן גרעסטן בלאַט, האָט אָנגעהאָדעװעט דוימעלען מיט זיסן בלומען־זאַפֿט און איר געזאָגט, אַז זי געפֿעלט אים זײער, ניט געקוקט דערױף, װאָס זי איז אַפֿילו קײן קאָפּ ניט ענלעך אױף קײן זשוק. דערנאָך זײַנען צו אים געקומען צו גאַסט נאָך זשוקעס, װאָס האָבן געװױנט אױפֿן זעלביקן בױם. זײ האָבן באַטראַכט דוי־מעלען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, און זײערע װײַבער און טעכטער האָבן גע־קנײַפּש מיט די טאָפּ־הערנערלעך.

— זע נאָר, זי האָט דאָך מער ניט, װי צװײ פֿיס! — מאַכן די ערשטע.

— אַז זי האָט אַפֿילו ניט קײן טאָפּ־הערנערלעך! — מאַכן די צװײטע.

— און ס'אַרא מין דינינקע זי איז! — רופֿן זיך אָן די דריטע. — זי איז דאָך געראָטן אין א מענטשן, סע זאָל פֿעלן א האָר.

— נײן, זי איז טאַקע גאַנץ מיִעס, — האָבן ענדלעך אַלע זשוקעס באַשלאָסן. כאָטש דאָס מײדעלע איז געװען עמעס אײדל און עמעס שײן. דער מײַ־זשוק, װאָס האָט זי אװעקגערױבט, איז פֿון אָנפֿאַנג אױך געװען באַ אַזא מין מײנונג, אָבער אַז ער האָט דערזען, װי־אַזױ אַלע זאָגן, אַז זי איז שרעקלעך מיִעס, האָט ער, ענדלעך, אױך אָנגעהױבן גלײבן דערינען, און ער האָט זי שױן מער ניט געװאָלט האַלטן באַ זיך, זאָל זי זיך גײן, װוּהין זי װיל. און ער איז אַראָפּגעפֿלױגן מיט איר אַראָפּ און זי אװעקגע־זעצט אױף א געל בלימל.

דאָס דוימעלע האָט זיך דאָרטן יאָמערלעך צעוויינט. ס'האָט איר פאַר־קלעמט באַם האַרצן, וואָס זי איז אַזוי מיִעס, אַז אַפילו די מײַ־זשוקעס ווילן זי בײַ זיך ניט האַלטן. אָבער אינדערעמעסן איז זי דאָך געווען אַזוי שיין און אַזוי ליב, אַז ס'גאָר שווער זיך פאָרשטעלן בעסערס און שע־נערס — מאַמעש ווי אַ שיין רויזעלע.

אַ גאַנצן זומער האָט דאָס דוימעלע אָפּגעלעבט איינע אַליין אינעם גרינעם וואַלד.

זי האָט זיך אויסגעפלאָכטן אַ בעטעלע פון גראָז און עס אונטערגע־האַנגען אונטער אַ גרויסן לאָפּוכ־בלאַט, ער זאָל זי שיצן פונעם רעגן. זי האָט זיך גענערט מיטן זיסן בלומען־האָניק און פלעג פאַרטרינקען מיטן טוי, וואָס זי פלעג געפינען אַלע גאַנצפרי אויף די בלעטעלעך.

אַזוי איז דורך דער זומער, און נאָכן זומער דער האַרבסט, ביז ס'האָט זיך גענומען רוקן דער לאַנגער און קאַלטער ווינטער. אַלע פייגעלעך זײַנען אַוועקגעפלויגן, די בלומען זײַנען פאַרוועלקט געוואָרן, און דער גרויסער בלאַט, וואָס האָט געשיצט דוימעלען פון רעגן, איז אויך געוואָרן געל און פאַרטריקנט, ביז ער האָט זיך אינגאַנצן צונויפגעדרייט.

דוימעלע האָט געציטערט פאַר קעלט, אירע קליידער זײַנען שוין גע־ווען אָפּגעריסן, און אַליין איז זי דאָך געווען אַזוי קליין און אַזוי איידל, אַט־אַט ווערט זי פאַרפרוירן.

ס'האָט אָנגעהויבן גיין אַ שניי, און יעדער שנייעלע איז פאַר דוימע־לען געווען דאָס זעלבע, וואָס אַ גאַנצע לאָפּעטע מיט שניי פאַר יעדן איינעם פון אונדז. מיר זײַנען דאָך גרויסע, און זי איז געווען אינגאַנצן די גרייס ווי אַ דוימעלע. זי האָט זיך דאַפקע אײַנגעדעקט מיט אַ טרוקע־נעם בלאַט, אָבער ער האָט דאָך אַפילו קיין קאַפּ ניט געוואַרעמט. און דוימעלע האָט אַליין געציטערט, ווי אַ בלאַט אינמיטן האַרבסט.

דאַן האָט דוימעלע באַשלאָסן אַוועקגיין פון וואַלד און אָפּזוכן פאַר זיך אַן אָרט, ווו זי זאָל קאָנען ווינטערן.

הינטער יענער זײַט וואַלד, ווו זי האָט געוווינט דעם גאַנצן זומער, איז געשטאַנען אַ גרויס קאָרן־פעלד. די טוווּע האָט מען שוין פונדאַנען לאַנג אָפּגעפירט, און פון דער ערד האָט בלויז אַרויסגעשטעקט די קורצע האַרטע סטערניע, וואָס פאַר איר איז עס געווען, ווי אַ גאַנצער געדיכטער וואַלד.

איין פעלד איז איר געווען נאָך קעלטער, ווי אין וואַלד, דאָרטן צווישן

די ביימער, און דוימעלע איז שיר אינגאנצן ניט פארפרוירן געוואָרן: דערוויַיל האָט זי אָבער געטראָפן צו א גריבעלע, ווו די פעלדמויז האָט געוווינט. דער אריַינגאנג אין גריבעלע אריַין איז געווען פארדעקט מיט טרוקענע שטענגלעך און מיט גרעזלעך, און די פעלדמויז האָט געלעבט אין דער ווארעם און אין דער זעט. מע האָט עס גלייַך געזען, וואָרעם די קיך און דער שפּייַכלער זיַינען בא איר געווען פול געפּאקט מיט קערנער.

האָט זיך דוימעלע אוועקגעשטעלט, ווי א בעטלער־מיידעלע, פאר דער טיר און גענומען בעטן, מע זאָל איר שענקען א שטיקל גערשטן־קערנדל, וואָרעם ס'איז שוין באלד צוויי טעג, אז זי האָט אין מויל ניט געהאט.

— אך, דו אָרעם באשעפעניש'ל, — האָט זיך די פעלדמויז אָנגערופן (וואָרעם זי איז אין טאָך געווען א גוטע אלטינקע), — נו, קום שוין אריַין ווארעם זיך אָנווארעמען, און מירן צוזאמען איבערבייַסן.

און דוימעלע איז אראָפּ צו דער פעלדמויז אין גריבעלע אריַין. דאָ האָט זי זיך אָנגעווארעמט און איבערגעביסן.

דאָס מיידעלע האָט בא דער אלטער זייער אויסגענומען. נעמט די אלטע און רופט זיך אָן:

— פון מייַנעטוועגן קאָנסטו אפילע בלייַבן דאָ אפן גאנצן ווינטער. איך וועל דיר געבן קעסט, און דו וועסט בא מיר צוקלייַבן און האלטן ריין די שטוב. דערצו וועסטו מיר דערציילן שיינע מייַסעס. מייַסעס האָב איך קעסיידער ליב צו הערן.

און דוימעלע איז דאָ געבליבן און האָט אלץ געפּאָלגט, וואָס די אלטע מויז פלעג איר באפוילן. און דעם עמעס געזאָגט, האָט זיך איר דאָ אין דער ווארעמער מויזן־לאָך געלעבט גאָר ניט אזוי שלעכט.

— אינגיכן וועלן מיר האָבן געסט, — מאכט צו איר איינמאָל די פעלד־מויז. — יעדער וואָך קומט מיך געווירע ווערן מייַן באָקענטער שאָכן. אָ, ער איז זייער רייַך און האָט א פייַנעם אויסהאלט. ער האָט גרויסע זאלן אונטער דער ערד, און ער גייט אין א טייַערן סאמעטענעם פעלץ. ווען ער וויל פאר דיר כאסענע האָבן, וואָלסטו מיט אים זייער גוט געטראָפן. דו וואָלסט שוין געווען באזאָרגט אפן גאנצן לעבן. און וויַיל ער זעט ניט גאָרניט, וועסטו אים מוזן דערציילן די שענסטע געשיכטעס, וועלכע זיַינען דיר נאָר באקאנט.

אָבער דוימעלע האָט זיך ווינציק וואָס געיאָגט נאָכן דאָזיקן גליק. דער שאָכן איז איר ניט געלעגן אין זינען, ווײַל דאָס איז דאָך געווען דער מוילוואָרף.

אינגיכן האָט ער זיך טאַקע אהער אראָפּגעוויזן אין זײַן שווארצן סאמעטענעם פּעלץ. ער איז געווען זייער רײַך און געלערנט. די פעלד־מויז האָט פון אים שטארק געהאַלטן. זײַן הויז איז געווען עפּשער צוואַנ־ציק מאָל גרעסער פון אירן. דאָרטן זײַנען געווען זייער אסאך גרויסע זאלן און לאנגע דורכגענג. אָבער די זון האָט אהין קיינמאָל ניט ארײַנ־געשײַנט. דער מוילוואָרף, ניט געקוקט אַף זײַן גאנצער געלערנטקײַט, האָט די זון ניט געקאָנט איבערטראָגן. פון קיין בלומען האָט ער אויך ניט געהאַלטן, און ער האָט זיך וועגן זיי זייער שלעכט אָפּגערופן, ווײַל ער האָט זיי, דעם עמעס געזאָגט, קיינמאָל ניט געזען.

דוימעלע האָט געמוזט זינגען פארן אָנגעזעענעם גאסט. זי האָט אָפּגע־זונגען צוויי לידלעך און עס געמאכט אזוי ביינעוודיק זיס, אַז דער מוילוואָרף האָט זיך אין איר גלײַך אַפן אָרט פארליבט. אָבער ער האָט וועגן דעם אפילו קיין האלב וואָרט ניט ארויסגעזאָגט, ער איז דאָך גע־ווען אזוי ערנסט און געשטעלט בײַ זיך.

און דערנאָך האָט דער מוילוואָרף דורכגעגראָבן פון זײַן הויז ביז צו דער מויזן־לאָך א לאנגן אונטערערדישן דורכגאנג און ער האָט אײַנגע־לאדן די פעלד־מויז מיט דוימעלען, זיי זאָלן שפּאצירן, ווען זיי וועלן נאָר וועלן, איבער דעם דאָזיקן אונטערערדישן דורכגאנג.

דער מוילוואָרף האָט געהאַלטן אין מויל א שטיקל פויל־האָלץ, אין דער פינצטער שימערירט דאָך פויל־האָלץ, פּונקט ווי א ברענענדיקע ליכט. ער איז געגאנגען אפריער און באלויכטן דעם לאנגן און ברייטן דורכגאנג. אינמיטן וועג איז דער מוילוואָרף געבליבן שטיין און זיך אָפּ־גערופן:

— דאָ ליגט עפּעס א פויגל. נאָר איר זאָלט גאָר קיין מורא ניט האָבן, ווײַל ער איז טויט.

און אַז זיי זײַנען אָנגעקומען צו יענעם אָרט, האָט דער מוילוואָרף געגעבן א שטעק זײַן ברייטע נאָז צו דער סטעליע־צו און דאָרטן דורכ־געשטאָכן א לעכל אין דער ערד. דורכן דאָזיקן לעכל איז אהער ארײַנ־געדרונגען די טאָג־שײַן, און דוימעלע האָט דערזען פאר זיך א שוועל־בעלע. דאָס איז געווען אַן עמעס פייגעלע מיט פעדערלעך און מיט א

שנאָבעלע. עס איז, קענטיק, געשטאָרבן גאָר ניט אזוי לאַנג און איז אריינ־
געפאלן אהער צום מוילוואָרף אין גריבל אריין. די פליגלען זיינען באַם
טויטן פייגעלע געווען פעסט צוגעדריקט צום קערפּער, די פיסלעך און
דער קאָפּ — אין די פעדערן באהאלטן. קענטיק, אז דאָס אָרעמע שוועל־
בעלע איז, נעבעך, פאַשעט פארפרוירן געוואָרן. דוימעלע האָט אפ דעם זייער
ראכמאָנעס געהאַט. אַלע פייגעלעך זיינען איר געווען זייער ליב, ווייל זיי
האָבן איר א גאנצן זומער געזונגען זייערע וווּנדערשיינע לידער. אָבער
דער מוילוואָרף האָט א שטויס געטאָן דאָס שוועלבעלע מיטן פיסל און
האָט זיך אָנגערופן:
— עס וועט שוין מער ניט פּיפּן! קיין פויגל זאָל מען גאָר ניט דער־
לעבן געבוירן צו ווערן. איך בין גליקלעך, וואָס קיינער פון מיינע פריינט
איז עס ניט געוואָרן, וואָרעם וואָס ווייסט אזא פויגל? זומער צוויטשערט
עס, און א גאנצן ווינטער מוז עס הונגערן.
— יאָ, יאָ, דאָס זאָגט איר זייער קלוג, — מאכט די פעלד־מויז, — וואָס
קומט ארויס דעם פויגל פון זיין גאנצן צוויטשעריי, ווען סע קומט דער
ווינטער מיט אלע זיינע קעלטן? ער מוז דאַן הונגערן און פרירן. מעג
עס זיין אפילע דער אָנשטענדיקסטער מין פויגל.
דוימעלע הערט עס אלץ אויס און שווייגט. אָבער ווען ביידע לייט
האָבן זיך שוין אויסגעקערט צום פויגל מיטן רוקן, האָט זיך דוימעלע
אָנגעבויגן צום שוועלבעלע, האָט פאנאנדערגענומען זיינע פעדערלעך
און עס א קוש געגעבן אין די פארמאכטע אויגן אריין.
„עפשער איז עס דאָס זעלבע שוועלבעלע, וואָס האָט פאַר מיר א
גאנצן זומער אזוי שיין געזונגען? — האָט דאָס מיידעלע א טראכט
געטאָן. — אויב אזוי, ליב פייגעלע, האָסטו דאָך מיר דעמלט פארשאפן אַ
א שיר פרייד!"
אין די רייד האָט דער מוילוואָרף צוריק פארשטעקט דאָס לעכל אין
סטעליע און איז אוועק באגלייטן די אלטע מויז צוזאמען מיט דוימעלען
צוריק צו זיי אהיים.
באנאכט האָט עפעס דוימעלע ניט געקאָנט אנשלאָפן ווערן, איז זי
אופגעשטאנען פון איר בעטעלע און האָט אויסגעארבעט פון טרוקענע
גרעזעלעך א גרויסן טעפּיך, דערנאָך איז זי אוועק צום אונטערערדישן
דורכגאנג און האָט דאָרטן איינגעוויקלט מיטן טעפּיכל דאָס טויטע פיי־
געלע. דערנאָך האָט דוימעלע געבראכט צו טראָגן פון דער מויז־לאָך

ווייכפעכיקן מאָכ און האָט געמאַכט א גוטן געלעגער, אז דעם טויטן פיי־געלע זאָל דאָרטן זײַן גוט צו ליגן.

— אדיע, ליב שוועלבעלע.— האָט זיך דוימעלע אָנגערופן,— א דאַנק דיר פאר דײַנע שיינע לידער, וואָס האָסט מיר זומער געזונגען, דאן ווען די ביימער זײַנען נאָך געווען גרין און די זון האָט אזוי וואַרעם און מילד צו אונדז אראָפּגעשײַנט.

און זי האָט צוגעלייגט איר קאָפּ צו דעם פייגעלעס ברוסט. פלוצעם, האָט זי זיך אָבער זייער דערשראָקן, וואָרעם אין דעם פייגעלעס ברוסט, האָט זי דערהערט, קלאַפּט עפּעס. דאָס איז געווען דעם פייגעלעס האַרץ דאָס פייגעלע איז נאָך ניט געווען אינגאַנצן טויט. ס'איז נאָר געווען שטאַרק פאַרגליווערט פון קעלט, און איצט, אז מע האָט עס א ביסעלע צע־וואַרעמט, האָט עס צוריק אויפגעלעבט.

אז עס קומט דער האַרבסט, פליען אַלע שוואַלבן אַוועק אין די וואַ־רעמע לענדער. טרעפט אָבער, אז איינע פאַרשפּעטיקט, ווערט זי אזוי דערפרוירן, אז זי פאַלט אראָפּ ווי א טויטע, און בלײַבט ליגן אויפן זעל־ביקן אָרט, ביז סע פאַלט אָן דער קאַלטער שניי און באַדעקט זי אינ־גאַנצן.

דוימעלע האָט אזש געציטערט פאר שרעק, וואָרעם אנטקעגן אזא פיצל, ווי זי איז, האָט דאָך דער פויגל אויסגעזען ריזיק גרויס. דאָך האָט זי זיך אָנגענומען מיט מוט און האָט נאָך געטרײַער און שטאַרקער אײַנ־געדעקט דאָס שוועלבעלע. דערנאָך איז זי אַוועקגעלאָפן אהיים און גע־בראַכט דאָס בלעטעלע מיאַטע, וואָס האָט איר זעלבסט געדינט פאר א קאָלדרע. און זי האָט מיט דעם אײַנגעדעקט דעם פויגלס קאָפּ.

די צווייטע נאַכט האָט זיך דוימעלע ווידעראַמאָל דורכגעשלײַכט אהין. איצט איז שוין די שוואַלב געווען אינגאַנצן לעבעדיק, זי איז נאָר גע־ווען זייער אָפּגעשוואַכט. זי האָט קוים־קוים געעפנט אויף א קורצער ווײַלע די אויגן, קעדיי א קוק צו טאָן אויף דוימעלען. דוימעלע איז געשטאַנען אַנטקעגן איר מיט א פויל שטיקעלע האָלץ אין דער האַנט — קיין אַנדער לאַמטערן האָט זי דאָך ניט געהאַט.

— איך דאַנק דיר, ליב און פּיצינק מיידעלע!— האָט זיך דער קראַנ־קער פויגל אָנגערופן,— איך האָב זיך אזוי גוט אײַנגעוואַרעמט. אינגיכן וועל איך אינגאַנצן קומען צו זיך און איך וועל ווידער אַרויספליען צו דער ליכטיקער זון.

— אוי, — זאָגט דוימעלע, — אינדרויסן איז דאָך זייער קאַלט. עס שיט א שניי. פאַרבלײַב בעסער דאָ אַף דײַן וואַרעמען געלעגער, און איך וועל שוין אַף דיר אכטונג געבן.

און זי האָט באַלד געבראַכט צו טראָגן דער שוואַלב א פּאָר טראָפּנס וואַסער אַף א בלומען־בלעטעלע און עטלעכע ריינע גערשטנדלעך. האָט די שוואַלב זיך דערקוויקט און איבערגעביסן. דערנאָך האָט זי אויסדער־ציילט דוימעלען די גאַנצע מעַסע, וויִאַזוי זי האָט זיך לעם א דאָרן־קוסט פאַרשטאָכן א פליגל, און דערום האָט זי ניט געקאָנט אוועקפליִען מיט די איבעריקע כוואַרטעס אירע אין די הייסע לענדער אַרײַן. און אַז ס'איז געקומען דער ווינטער און עס איז געוואָרן זייער קאַלט, איז זי אַראָפּגעפאַלן א פאַרפרוירענע אַף דער ערד... מער האָט די שוואַלב שוין גאָרנישט ניט געדענקט און זי האָט אַפילע ניט געוווּסט, וויִאַזוי האָט זי זיך געפּאַקט אהער אונטער דער ערד.

דעם גאַנצן ווינטער האָט זיך די שוואַלב טאַקע דאָ אופגעהאַלטן, און דוימעלע האָט אַף איר אכטונג געגעבן. דער מוילוואָרף מיט דער פעלד־מויז האָבן וועגן דעם ניט געטאָרט וויסן, וואָרעם זיי האָבן דאָך ניט גע־האַלטן פון קיין פייגעלעך.

אַז עס איז געקומען דער פרילינג און די זון האָט גענומען וואַרעמען, האָט זיך דער פויגל גענומען געזעגענען מיט דוימעלען. דוימעלע האָט אָפּגעשטעקט דאָס לעכל, וואָס דער מוילוואָרף האָט געמאַכט אין דער סטעליע, יענע זאָל האָבן דורכוואַנען אַרויסצופליִען.

די שוואַלב האָט אַפילע געפרעגט בא דוימעלען, עפּשער וויל זי אויך אוועק פונדאַנען, דאַן וועט זי זי אַרופנעמען צו זיך אַף דער פלייטשקע, און זיי וועלן צוזאַמען אוועקפליִען אינעם גרינעם וואַלד אַרײַן. אָבער דוימעלע האָט געוווּסט, אַז די אַלטע פעלדמויז וועט זיך נאָך ערגערן דערפון, וואָס זי וועט זי אַזוי אינמיטנדערינען אוועקוואַרפן.

— ניין, איך קאָן מיט דיר ניט פליִען, — האָט זי געענטפערט דער שוואַלב.

— טאָ פאַרבלײַב געזונט, ליב מיידעלע! — האָט דאָס שוועלבעלע א צוויטשער געטאָן און איז אַרויסגעפלויגן אַף דער פרײַער לופט.

דוימעלע האָט איר נאָכגעקוקט, און טרערן האָבן גענומען לויפן בא איר פון די אויגן, וואָרעם זי האָט זיך שוין זייער צוגעוווינט צום דאָזיקן שוועלבעלע.

— צוויטש־צוויטש! — האָט דאָס שוועלבעלע אראָפּגעשריגן און איז אַוועקגעפלויגן צום גרינעם וואלד.

און דוימעלע איז פארבליבן וויינען אין דער מויזן־לאָך. איצט איז איר געוואָרן ערגער. מע האָט איר ניט דערלויבט ארויסגיין זיך שפּילן אנטקעגן דער זון, און דאָס פעלד ארום זייער גריבעלע איז באוואקסן געוואָרן מיט הויכע זאנגען, וואָס האָבן בא דוימעלען אין די אויגן אויסגעזען ווי אַן עמעסער געדיכטער וואלד.

און אָט איז שוין געקומען דער מוילוואָרפּ אָפּריידן וועגן דער כאַסענע.

— איצט, — זאָגט די אלטע פעלדמויז צו דוימעלען, — דארפסטו אָנהייבן גרייטן דיין אויסשטייער. דו גייסט כאסענע האָבן פאר אזא מין פארנעם, דארף מען זען, זאָלסט האָבן אי וואָלנס, אי לייַנענס, און סע זאָל דיר גאָרניט פעלן. עפּעס א קליינינקייט אָנקומען אין אזא מין שטוב!

איצט האָט שוין דוימעלע געהאט אן ארבעט גאנצענע טעג שפּינען פאָדעם. די אלטע פעלדמויז האָט נאָך צוגעדונגען פיר שפּינען, אז זיי זאָלן זיצן באטאָג און באנאכט דאָ אין דער מויזן־לאָך און זיי זאָלן אויסשפּינען און אויסוועבן פארשיידענע שטאָפן.

איצט פלעג שוין יעדן אָוונט דער מוילוואָרפּ אהער קומען פארברענגען.

— אָט דארף זיך ענדיקן, — זאָגט ער, — דער זומער. די זון וועט אופהערן אזוי באקן, וועט די ערד ווערן ווייכער און שיטעוודיקער, און דאן וועלן מיר שוין פּראַווען די כאסענע.

אָבער דוימעלען האָט עס ווינציק וואָס געפרייט. וואָרעם זי האָט ניט געוואָלט אזא מין אומעטיקן נעפּעש, ווי דער מוילוואָרפּ, פאר קיין כאָסן.

יעדן גאנצפרי, בעשאס די זון איז אופגעגאנגען, און יעדן פארנאכט, בעשאס די זון איז פארגאנגען, פלעג דוימעלע ארויסגיין פארן שוועל פון דער מויזן־לאָך. אמאָל פלעג דער ווינט צענעמען די שפּיצן פון די זאנגען, פלעג זי קאָנען דערזען א פּיצעלע בלויען הימל און קלערן צו זיך אליין:

„אך, ווי גוט ס'איז דאָ אָפּ דער פרייַ!" און אלע מאָל פלעג איר ארופּ אפּן געדאנק דאָס שוועלבעלע. טאָמער וועט עס דורכפליען, טאָמער וועט זי עס דערזען. אָבער דאָס שוועלבעלע האָט זיך ניט געוויזן, ס'איז, קענטיק, אומגעפלויגן דאָרטן וויַט־וויַט אינעם גרינעם וואלד.

און אָט איז אָנגעקומען דער הארבסט. דער אויסשטײַער פון דוימע־לעס וועגן איז שוין פארטיק.

— אין פיר־וואָכן ארום, — מאכט צו איר די פעלדמויז, — שפּילן מיר די כאַסענע.

אָבער דוימעלע האָט זיך צעוויינט און געזאָגט, אז זי וויל ניט כאַסענע האָבן פארן לאַנגווײַליקן מוילוואָרף.

— נארישקײַטן! — האָט זיך די פעלדמויז אָפּ איר אָנגעבייזערט. — מאַך מיר ניט קיין שטיק, ווארעם איך קאָן דיך נאָך מיט מײַנע ווײַסע ציין א גוטן ביס טון אויך. דער מוילוואָרף וועט זײַן א מאַן, וואָס קיין בעסערן דארף מען גאָר ניט. די קעניגן אליין וואָלט זיך מעגן ווינטשן צו טראָגן אזא מין שווארצן סאַמעטענעם פעלץ, ווי בא אים איז. הײַנט די קיך און דער שפּײַכלער זײַנען בא אים אויך פול געפּאַקט. מעגסט נאָך דאַנקען גאָט פאר אזא מין מאַן.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג פון דער כאַסענע, און דער מוילוואָרף איז געקומען פארנעמען די קאַלע צו זיך אַהיים. איצט וועט שוין דוימע־לע זיך דארפן איבערקלײַבן צום מוילוואָרף טיף אונטער דער ערד. זי וועט שוין קיינמאָל ניט קאָנען זען די ליכטיקע שײַן, ווײַל דער מויל־וואָרף האלט דאָך ניט פון אזעלכע זאַכן. דוימעלען איז געוואָרן זייער שלעכט אפן הארצן. עס האָט זיך איר זייער ניט געוואָלט זיך געזעגענען אפּ אייביק מיט דער ליכטיקער זונען־שײַן... און זי האָט באַשלאָסן ארויסגיין פארן שוועל פון דער מויזן־לאָך און דאָס לעצטע מאָל א קוק טון אפ דער זון.

די ברויטן האָט מען שוין געהאַט צוגעקליבן פון פעלד, איצט האָט שוין ווײַטער בלויז ארויסגעשטעקט די פארטריקנטע סטערניע, און דאָס מיידעלע איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט פונעם שוועל, האָט אויסגע־שטרעקט ביידע הענט צו דער זון:

— פארבלײַב געזונט, זונעלע, — האָט זי אויסגעשריגן.

דערנאָך האָט זי דערזען א קליין, רויט בלימעלע, האָט זי עס ארופּ־גענומען און זיך אָנגערופן:

— לאָז גריסן, בלימעלע, דער ליבער שוואַלב, טאָמער וועסטו זי דערזען.

— צוויטש־צוויטש, — האָט זיך פּלוצעם צעטראָגן איבערן סאַמע קאָפּ. דוימעלע האָט אופגעהויבן די אויגן און דערזען די שוואלב, וואָס איז דאָ אין דער נאָענט דורכגעפלויגן.

די שוואַלב האָט אויך דערזען דאָס מיידעלע און זיך זייער דערפרייט.

ערשט דאָ האָט דוימעלע אויסדערציילט איר ביטער האַרץ, וויאַזוי זי וויל ניט דעם מוילוואָרפ פאַר קיין מאַן, וויאַזוי זי וועט דאַרפן וווינען מיט אים טיף אונטער דער ערד און קיינמאָל ניט אָנקוקן די ליכטיקע שיין. און בא די דאָזיקע רייד האָט זי זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און אויסגעשאָסן א געוויין.

— סע רוקט זיך שוין דער קאַלטער ווינטער, — האָט זיך די שוואַלב אָנגערופן. — און איך קלייב זיך אוועקפליען ווייט אַהין, אין די וואַרעמע לענדער. עפשער ווילסטו — פלי מיט מיר. דו קאָנסט זיך אוועקזעצן צו מיר אַף דער פּלייטשקע, נאָר בינד זיך צו מיט דיין גאַרטעלע וואָס שטאַרקער, און מיר וועלן אוועקפליען פונעם העסלעכן מוילוואָרפ מיט זיין פינצטערער שטוב. מירן אוועקפליען ווייט אַהין איבערן יאַם, ווו די זון שיינט העלער, ווו ס'איז א גאַנץ יאָר זומער און סע בליען דאָרט וווּנדערלעכע בלומען. פלי מיט מיר, מיין פיצינק מיידעלע! דו האָסט דאָך מיר אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן דאַן, ווען איך בין שיר ניט פאַרפרוירן געוואָרן אינעם פינצטערן קאַלטן גרוב.

— גוט, איך פלי מיט דיר, — האָט דוימעלע געענטפערט.

און זי האָט זיך אוועקגעזעצט צום פייגעלע אַפן רוקן און האָט פעסט צוגעבונדן איר גאַרטעלע צו זיין גרעסטן פעדער.

די שוואַלב האָט געגעבן א שווּנג אויף און זיך א לאָז געטאָן פייל־אויסן־בויגן ווייט איבער געדיכטע וועלדער, איבער גרויסע יאַמען און הויך־הויך איבער די גרויסע בערג, וואָס זיינען שטענדיק באַדעקט מיט שניי. דוימעלען איז געווען שטאַרק קאַלט צווישן דער קאַלטער לופט, דערום האָט זי זיך איינגענייוועט אינעם פייגעלעס וואַרעמע פעדערן און האָט נאָר דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט אַף אַרויס, קעדיי צו שעפּן נאַכעס פון די וווּנדערלעכע ערטער, איבער וועלכע זיי זיינען דורכגעפלויגן.

און זיי זיינען טאַקע אָנגעקומען אין די וואַרעמע לענדער. דאָרטן האָט די זון געשיינט אסאך העלער, ווי דאָ. דער הימל איז געווען צוויי מאָל אַזוי די הייך, ווי בא אונדז, און לעם די פלויטן מיט די קאַנאַוועס האָבן זיך געקלאַמערט וווּנדערלעך־שיינע, גרינע און בלויע ווייַנטרויבן. אין די וועלדער זיינען געוואַקסן לימענעס מיט מאַראַנצן. מירטן און שמעקנדיקע מיאַטע האָבן געלאָזן זייערע רייכעס. און איבערן שליאַך

זײַנען אומגעלאָפֿן פֿרײלעכע יאַטלעך און האָבן זיך געיאָגט נאָך די גרויסע און פֿאַרביקע שמעטערלינגען.

אָבער די שוואַלב איז געפֿלויגן נאָך ווײַטער. און דאָרטן איז געווען נאָך שענער.

אױפֿן ברעג פֿונעם בלויען יאַם האָט צווישן גרינע, געקרויזטע ביימער געשימערירט אַ ווײַסער אַלטערטימלעכער מאַרמאָר־פּאַלאַץ. זײַנע הויכע קאָלאָנעס זײַנען געווען באַפֿלאָכטן מיט ווילדע ווײַנטרויבן, פֿונונטן האָבן אונטערן דאַך זיך געפֿונען אַ פּאָר שוואַלבן־נעסטן, און אין איינעם פֿון זיי האָט געוווינט די דאָזיקע שוואַלב, וואָס דוימעלע איז אויף איר געפֿלויגן.

— אָט דאָס איז מײַן הויז, — מאַכט צו איר די שוואַלב. — און איצט קלײַב זיך אויס דאָרטן פֿונונטן איינעם פֿון די שענסטע בלימעלעך, וועל איך אַהין דיך אַוועקזעצן און דו וועסט זיך לעבן, אַזויווי דײַן האַרץ גלוסט.

— אַך, ווי פּרעכטיק! — האָט זיך דוימעלע דערפֿרייט און געכאַפּט פֿון פֿרייד מיט די הענט.

אונטן איז געלעגן אַ מאַרמאָר־זײַל, וואָס איז אומגעפֿאַלן און זיך צעבראָכן אויף דרײַ שטיקער, און צווישן די דאָזיקע ברוכשטיקער זײַנען געוואַקסן שיינע, גרויסע און ווײַסע בלומען. די שוואַלב איז מיט דוימעלען אַראָפּגעפֿלויגן און האָט זי אַוועקגעזעצט אויף איינעם פֿון די ברייטע בלעטער. אָבער ווי דערשטוינט איז דוימעלע געוואָרן! זי האָט דערזען ווי אינמיטן שיסעלע פֿון דער בלום זיצט אַ שיין, קליין מענטשעלע, וואָס איז ווײַס און דורכזיכטיק, פּונקט ווי עס וואָלט געווען פֿון גלאָז געמאַכט. אויפֿן קאָפּ איז בײַ דעם געווען אַן איידעלע קרוין, און אויף די אַקסלען האָבן בײַ דעם געפֿלאַטערט דינינקע גרינע פֿליגלען. עס איז געווען אין איין וווּקס מיט דוימעלען. דאָס איז געווען דער קעניג פֿון די בלומען־שרעטעלעך.

אין יעדן בלימל האָט דאָ געוווינט אַזאַ מין קליין מענטשעלע, אַ מאַן אָדער אַ פֿרוי. און ער, דער קעניג דערפֿון, איז געווען דער עלטסטער איבער זיי אַלע.

— אַך, ווי שיין ער איז! — האָט דוימעלע געשעפּטשעט צו דער שוואַלב.

אָבער דער קליינינקער פּרינץ האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פֿאַר דער שוואַלב, וואָרעם ווערדליק ער איז קליין און איידל, איז זי דאָך אַנטקעגן אים אַ ריז. אָבער ווי נאָר ער האָט דערזען דוימעלען, אַזוי איז ער געוואָרן זייער פֿריילעך, וואָרעם דאָס איז געווען דאָס שענסטע מיידעלע פֿון אַלע די, וואָס ער האָט נאָר אַמאָל געזען. ער האָט גלײַך אַראָפּגע־

גומען די גאָלדענע קרוינ פונ זײַנ קאָפּ אונ אָנגעטאָנ אפּ אירנ, אונ ער האָט זי געפרעגט, וויאזוי זי הייסט אונ צי זי וויל פאר אים כאסענע האָבנ. דאנ וואָלט זי געוואָרנ די קעניגנ פונ אלע בלומענ.

אָהאָ, דאָס איז שוינ ניט דער זשאבעס זונ אונ ניט דער מוילוואָרפּ מיטנ שווארצנ סאמעטענעמ פּעלצ.

דוימעלע האָט אים גלײַכ געענטפערט, אז זי וויל.

איצט איז פונ יעדער בלומ ארויסגעפלויגנ א באפליגלט שרעטעלע, א מאנ אָדער א פרוי. זיי זײַנענ געווענ אזוי ליב, אז ס'איז אפּ זיי א כיינ געווענ-צו קוקנ. יעדערער פונ זיי האָט געבראכט דוימעלענ א שיינע מאַ־טאָנע. נאָר די שענסטע אונ בעסטע פונ אלע מאטאָנעס איז געווענ די פּאָר שיינע דורכזיכטיקע פליגעלעכ, ווי בא א גרויסער ווײַסער פליג. די פליגעלעכ האָט מענ צוגעפעסטיקט דוימעלענ צומ פלייטשקעלע, אונ איצט האָט זי שוינ אויכ געקאָנט פליִענ פונ בלימל צו בלימל.

אכ, וויפל פרייד דאָס האָט דוימעלענ פארשאפנ!

אונ די שוואלב איז געזעסנ פונויבנ בא זיכ אינ דער נעסט אונ האָט פאר זיי געזונגענ אזוי פײַנ, ווי זי האָט נאָר געקאָנט, כאָטש אינ הארצנ איז זי געווענ אומעטיק, ווײַל זי האָט דוימעלענ אזוי ליב באקומענ, אז ס'איז איר שווער געווענ זיכ מיט איר צו שיידנ.

— דו דארפסט מער ניט הייסנ דוימעלע,— האָט דאָס בלומענ-שרע־טעלע צו איר געזאָגט,— וואָרעמ דו ביסט צו שיינ פאר אזא מינ נאָמענ. מיר ווילנ, זאָלסט בא אונדז הייסנ מײַע.

— פארבלײַב געזונט, פארבלײַב געזונט!— האָט די שוואלב זיכ צע־זונגענ, ווײַל זי איז איצט געפלויגנ פונ די ווארעמע לענדער ווײַט אהינ, צוריק קיינ דענעמארק. דאָרטנ האָט זי א קליינ נעסטעלע, איבערנ פענצטער פונ יענעמ מענטשנ, וואָס קאָנ דערציילנ שיינע מײַסעס אונ פאר אים האָט זי געזונגענ צוויטש-צוויטש, אונ אזויארומ איז טאקע די גאנצע מײַסע צו אונדז דערגאנגענ.





## די ווילדע שוואנען





ײַט פונדאנען, דאָרט, וווּהין די שוואלבן פליִען, בעשאס בא אונדז ווערט ווינטער, איז געווען א קעניג. דער דאָזיקער קעניג האָט געהאט עלף זין און איין טאָכטער מיטן נאָמען עליזע. די עלף ברידער — די פרינצן פלעגן יעדן טאָג, מיט שטערנס אף די ברוסטן און מיט שווערדן בא די זײַטן, גיין אין שול ארײַן. זיי פלעגן דאָרטן שרײַבן מיט דימענטענע גריפעלס אף גאָלדענע טאָוולען, און זיי האָבן געלערנט אף אויסנווייניק ניט ערגער, ווי ארײַנקוקנדיק אין די ביכער. מע האָט אף זיי גלײַך געקאָנט דערקענען, אז דאָס זײַנען פרינצן. זייער שוועס־טער עליזע פלעג אין דער צײַט זיצן אף א בענקעלע פון הוילן שפיגל און ארײַנקוקן אין א בילדער־בוך, וואָס האָט באטראָפן א האלבע מעלוכע.

יאָ, די דאָזיקע קינדער האָט זיך טאקע זייער גוט געלעבט. אָבער דאָס האָט געדויערט ניט לאנג.

זייער פאָטער, וואָס האָט געקעניגט איבער גאָר דעם לאנד, האָט כא־סענע געהאט פאר זייער א בייזער קעניגן, און יענע האָט גלײַך שטארק

פּײַנט געקראָגן די קינדער, די קינדער האָבן עס, נעבעך, באַלד דעם ערשטן טאָג דערפּילט.

אינעם גאַנצן פּאַלאַץ האָט מען געפּראַוועט די שׂימחה, און עס האָט זיך געטאָן אַפֿ טיש און אַפֿ בענק. די קינדער האָבן זיך אויך געשפּילט אין „סקאַצל־קומט“, אָבער אָנשטאָט דעם, זײ זאָלן קאָנען, ווי אַלע מאָל דערלאַנגען אײנס דעם צווייטן קיכעלעך און געבראָטענע עפּל, האָט זײ די בייזע שטיפמוטער אָנגעשאָטן א גלאָז זאַמד אין די טײ־קופּליקלעך אַרײַן און געזאָגט צו זײ:

— מאַכט אײַך פון דעם. וואָס איר ווילט.

אַז ס'איז אַוועק די ערשטע וואָך, האָט די שטיפמוטער אָפּגעשיקט עליזען אין דאָרף אַרײַן און זי אָפּגעגעבן צו א פּויעריש פּאָרפּאָלק, און אין א קורצער צײַט אַרום האָט זי אָנגעהויבן אָנריידן דעם קעניג אַפֿ די אָרעמע פּרינצן. זי האָט אַפֿ זײ אָנגערעדט אַזויפיל שלעכטע זאַכן, אַז דער קעניג האָט זײ מער ניט געוואָלט הערן און זען.

— פליט אײַך אין דער ווײַטער וועלט אַרײַן, — האָט די בייזע קעניגן צו זײ אויסגעשריגן, — און לעבט, פון וואָס סע וועט זיך אײַך מאַכן! פליט אײַך, ווי די גרויסע פײגל, וואָס האָבן אינגאַנצן קײן קאָל ניט!

אָבער ס'האָט זיך באַקומען ניט גאָר אַזוי שלעכט, ווי איר האָט זיך געוואָלט. די ברידער זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עלף וווּנדערשײנע ווילדע שוואַנען. זײ האָבן אַרויסגעלאָזט א מאָדנעם געשריי און זײַנען אַרויסגעפלויגן דורך די פּאַלאַץ־פענצטער ווײַט אַהין איבער דעם פּאַרק און איבער דעם וואַלד.

ס'איז נאָך געווען פריער פרימאָרגן, ווען די עלף שוואַנען זײַנען דורכגעפלויגן פאַרבײַ דעם שטיבל, וווּ די שוועסטער זײערע עליזע איז געשלאָפן מיט א שטאַרקן שלאָף. זײ זײַנען א היפּשע צײַט אומגעפלויגן איבער דעם דאַך, זײ האָבן אויסגעצויגן זײערע בייגעוודיקע העלדזער און געפאָכעט מיט די פליגל, אָבער קײנער האָט זײ ניט געזען און אויך ניט געהערט, און זײ האָבן זיך געמוזט לאָזן פונסנײַ אין דער ווײַטער וועלט אַרײַן. זײ האָבן אופגעשוועבט הויך־הויך ביז צו די סאַמע וואָלקנס און זײ האָבן זיך אַוועקגעלאָזן איבערן גרויסן טונקעלן וואַלד, וואָס ציט זיך ביז צום סאַמע ברעג פון ים.

די אָרעמע קלײנע עליזע איז געבליבן ווײנען אינעם פּויערשן שטי־בעלע. זי האָט זיך געשפּילט מיט א גרינעם בלאַט, ווײַל קײן אַנדערע שפּי־

לעכלעכ האָט זי דאָכ ניט געהאט; זי האָט דורכגעשטאָכנ אינעמ בלאט א לעכעלע אונ געקוקט דורכ דעמ צו דער זונ, אונ ס'פלעג זיכ איר אויס־ווײַזנ, אז זי זעט אירע ברידערס קלאָרע אויגנ, אונ אלעמאָל, ווענ די ווארעמע זונ־שטראלנ פלעגנ פאלנ צו איר אפ די באקנ, פלעג זי זיכ דערמאנענ, ווי זיי אלע האָבנ זי אינדערהײמ געקושט.

אונ די טעג זײַנענ זיכ אזוי געגאנגענ. דער ווינט פלעג אמאָל דורכ־שוועבנ פארבײַ די רויזנ־קוסטנ, וואָס האָבנ זיכ צעבליט ארומ שטוב, אונ שעפטשענ אָפט צו די רויזנ:

— איז דענ דאָ עפּעס שענערס פונ אײַכ?

אָבער די רויזנ פלעגנ צושאָקלענ מיט די קעפּעלעכ אונ ענטפערנ:

— יאָ, טו א קוק אפ עליזענ.

אונ די רויזנ זײַנענ טאקע געווענ גערעכט.

אז ס'איז איר געוואָרנ פופצנ יאָר, איז איר שוינ געווענ צײַט צו פאָרנ אהײמ. דאָרטנ האָט די קעניגנ דערזענ, ווי שײנ איר שטיפטאָכטער איז, איז זי ארײַנגעפאלנ אינ גרויס גרימצאָרנ. איר האָט זיכ געוואָלט גערנ פארוואנדלענ עליזענ אינ א ווילדנ שוואנ, ווי זי האָט עס געטאָנ מיט די ברידער מיט אירע, האָט זי אָבער ניט געוואגט דאָס טונ גלײַכ אפנ אָרט, ווײַל דער קעניג האָט געוואָלט קעסיידער האָבנ זײַנ טאָכטער פאר די אויגנ. אײנמאָל גאנצפרי איז זי אוועק צו זיכ אינ איר מארמאָרנער באָד ארײַנ, וואָס איז געווענ אויסגעפוצט מיט וווּנדערלעכע טעפּיכער אונ מיט ווייכע אויסגענייטע קישנס. אינ דער דאָזיקער באָד אינ א ווינקעלע זײַנענ בא איר געזעסנ דרײַ זשאבעס. האָט די קעניגנ גענומענ די זשאבעס אינ די הענט ארײַנ, זי האָט יעדערע פונ זיי א קוש געטאָנ אונ זיכ אָנ־גערופנ צו דער ערשטער פונ זיי:

— אז עליזע וועט זיכ קומענ אהער באָדנ, זאָלסטו זיכ אוועקזעצנ צו איר אפנ קאָפּ, קעדיי זי זאָל ווערנ אזוי טעמפּ אונ צעקראָכנ, ווי די ביסט.

צו דער צווייטער זשאבע האָט די קעניגנ געזאָגט:

— דו זאָלסט זיכ אוועקזעצנ צו עליזענ אפנ שטערנ, קעדיי זי זאָל ווערנ אזוי העסלעכ, פּונקט ווי דו ביסט, אונ דאנ וועט זי איר אייגענער טאטע ניט דערקענענ.

— נו, אונ דו זאָלסט זיכ אוועקזעצנ בא איר אפנ הארצנ, — האָט די קעניגנ א שושקע געטאָנ דער דריטער זשאבע, — קעדיי זי זאָל ווערנ בייז, אונ דאָס וועט איר פארשאפנ אסאכ שמערצנ.

די קעניגן האָט אַרײַנגעלאָזן די זשאַבעס אין דער קלאָרער וואַסער אַרײַן. איז די וואַסער גלײַך געוואָרן גרין־גרוי. איצט האָט זי אַ רוף געטאָן עליזען, האָט אַראָפּגעצויגן פֿון איר די קליידער און איר באַפֿוילן גיין אין וואַסער אַרײַן. ווי עליזע האָט זיך נאָר אונטערגעטונקט, אַזוי האָט זיך איין זשאַבע אַוועקגעזעצט בײַ איר אויף די האָר, די צווייטע — אויפֿן שטערן, און די דריטע — אויף דער ברוסט. אָבער עליזע האָט עס, קענטיק, אַפֿילו ניט באַמערקט. און ווי זי האָט זיך נאָר אָפּגעפּאַרטיקט, האָט זי דערזען, ווי דרײַ רויטע מאָן־בלומען שווימען אויף דער וואַסער. דאָס זײַנען די גיפֿטיקע זשאַבעס פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין בלומען, ווײַל זיי האָבן זיך אָנגערירט אינעם מיידלס קאָפּ, אינעם שטערן און אין דער ברוסט. יאָ, עליזע איז געווען צו פֿרום און צו אומשולדיק, אַז דער קישעפֿמאַכערנס צויבערײַ זאָל צו איר קאָנען צושטיין.

אָט דאָס דערזען, איז די בייזע קעניגן געוואָרן נאָך מער אין כּעס און זי האָט אָנגעריבן עליזען מיט זאַפֿט פֿון וואָלעכשע ניס, ביז עליזע איז געוואָרן שוואַרץ ווי קויל. דערנאָך האָט איר די בייזע שטיפֿמוטער באַשפּריצט דאָס פּנים מיט אַזאַ שטינקענדיקן זאַלב און זי האָט איר פֿאַרפּלאָנטערט אירע וווּנדערשיינע האָר. איצט איז די שיינע עליזע אָרמעגלעך געווען צו דערקענען.

אַז דער פֿאָטער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן, האָט ער זיך אַפֿילו דערשראָקן און געזאָגט, אַז דאָס איז ניט זײַן טאָכטער. קיינער, קיינער האָט זי שוין ניט געקאָנט דערקענען, אויסער דעם אַלטן הונט און די שוואַלבן. אָבער דאָס זײַנען דאָך מער ניט ווי אָרעמע בהמות, — ווער הערט זיך צו זיי צו!

דאָ האָט זיך, נעבעך, עליזע ביטער צעוויינט און האָט זיך דערמאָנט אין אירע עלף ברידער, וואָס זײַנען ערגעץ ווײַט אַוועק. באַטריבט און דערשלאָגן, האָט זי זיך אַרויסגעגאַנוועט פֿונעם פּאַלאַץ און איז אַוועק, וווּהין די אויגן וועלן זי פֿירן. אַ טאָג אַ טאָגעדיקן האָט זי זיך אומגעשלעפּט איבער פֿעלדער און איבער זומפּן, ביז זי איז געקומען צו אַ גרויסן וואַלד. וווּהין צו גיין האָט זי אַליין ניט געוווּסט. זי האָט נאָר געפֿילט, אַז זי איז זייער דערשלאָגן און זי בענקט נאָך אירע ברידער, וואָס זײַנען זיכער אויך אַזוי פֿאַרטריבן געוואָרן אין דער ווײַטער וועלט אַרײַן. עפּשער וועט זי זיך גאָר לאָזן זוכן אירע ברידער און זיך ניט אָפּשטעלן, ביז זי וועט זיי געפֿינען.

זי האָט זיך נאָך ניט באַוויזן צוגעווויינען צום וואַלד, ווי ס'איז צוגע־פאַלן די נאַכט. עליזע האָט געפילט, אַז זי האָט זיך אַראָפּגעשלאָגן פון וועג, האָט זי געגומען און זיך צוגעלייגט אויפן ווייכן מאָך, און דעם קאָפּ האָט זי אָנגעשפּאַרט אָן אַ פּעניאָק. די נאַכט איז געווען אַ שטילע און אַ וואַרעמע. הונדערטער גליווערעמלעך האָבן, ווי גרינע פּײַערלעך, גע־בלינצלט צווישן גראָז. און אַז עליזע האָט אומגערן פאַרטשעפּעט מיט דער האַנט אַ קוסטן־צווײַג, האָבן זיך אַלע בלישטשענדיקע זשוקעלעך אַ שאָט געטאָן פונדאָרטן, פּונקט ווי שטערנדלעך זאָלן זיך צע־שפּריצן.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיך איר געכאָלעמט די ברידער, ווי זיי זײַנען נאָך אַלע קליינע קינדער, זיי שפּילן זיך און שרײַבן מיט די דימענטענע גריפּעלס אויף די גאָלדענע טאָוולען; זיי האָבן, דוכט זיך, געקוקט אינעם וווּנדערשיינעם בוך מיט די בילדער, וואָס האָט באַטראָפן אַ האַלבע מע־לוכע. אָבער אויף די טאָוולען האָבן זיי געשריבן ניט קיין רעדעלעך מיט קיין פּאַסיקלעך, ווי אַמאָל, נאָר זיי האָבן אָנגעשריבן אַלץ, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט און איבערגעזען פאַר זיך. אויך די בילדער אינעם בוך זײַנען געווען אַלע לעבעדיק. די פֿויגלען האָבן געזונגען, און די מענטשן זײַנען אַראָפּגעגאַנגען פון די בלעטער אַראָפּ און האָבן גערעדט מיט עליזען און מיט אירע ברידער. אָבער ווען עליזע האָט דאָס בלעטל אי־בערגעקערט, זײַנען יענע צוריק אַרײַנגעשפּרונגען און זיך געשטעלט אויף זייערע פריערדיקע ערטער, קעדיי ניט אַרײַנטראָגן אין די בילדער קיין אומאָרדענונג.

אַז עליזע האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין די זון געשטאַנען גאַנץ הויך. איבער די בלעטער מיט די געדיכטע צווײַגן האָט די די זון ניט געקאָנט זען, אָבער די שטראַלן האָבן פריילעך געשפּילט אויפן גראָז, ווי די גאָלדענע העזעלעך. דאָס גרינס האָט געשמעקט אַזוי גוט, און די פּיי־געלעך האָבן זיך געזעצט צו איר מאַמעש אויף די אַקסלען. דאָ האָט עליזע דערהערט, ווי וואַסערן פלאַפּלען אינדערנאָענט. דאָס זײַנען געווען אַסאַך קוואַלן, וואָס האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין אָזערע מיט אַ שיינעם, הערלעכן זאַמדיקן באָדן. עליזע האָט אָפּגעזוכט צווישן די ביימער אַ וועג צום וואַסער. די וואַסער איז געווען אַזוי דורכזיכטיק, אַז ווען ניט דער ווינט, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז די ביימער מיט די קוסטן, וואָס שפּיגלען זיך אויף אין דער וואַסער, זײַנען דאָרט אָנגעמאָלט אויפן דנאָ.

אַז עליזע האָט דערזען אין וואַסער איר אייגן געזיכט, איז זי באַפאַלן א שרעק, אַזוי שוואַרץ און העסלעך איז זי געווען. אָבער ווי זי האָט נאָר איַינגעגעצט איר האַנט און א וויש געטאָן די אויגן מיטן שטערן, אַזוי האָט די הויט אַף איר פּאָנעם געגומען לויכטן. אויב אַזוי, האָט עליזע זיך אויסגעטאָן איינגאַנצן און איז אַריַין אין דער קלאָר־פרישער וואַסער אַריַין, און קיין שענערע פּרינצעסן פון איר איז שוין ניט געווען צו געפינען אַף גאָר דער וועלט.

אַז זי האָט זיך צוריק אָנגעטאָן און פאַרפלאָכטן אירע לאַנגע, שיינע האָר, איז זי אָנגעקומען צו א ברויזנדיקן קוואַל און זיך אָנגעטרונקען פון דער הוילער האַנט, און דערנאָך האָט זי זיך געלאָזן טיפער אין וואַלד אַריַין, ניט וויסנדיק, וווּהין זי וועט פאַרגיין. זי האָט געטראַכט נאָר איינס, אַז זי וואָלט וועלן די ברידער געפינען.

אַזויווי זי גייט אַזוי, דערזעט זי א ווילדן עפּלבוים. דער בוים איז געווען אַזוי אָפּגעשאָטן מיט פרוכטן, אַז די צוויַיגן האָבן זיך אַזש געבויגן פאַר שווערקיַיט. עליזע האָט איבערגעביסן, דערנאָך האָט זי אונטערגעשפּאַרט מיט שטעקעלעך די צוויַיגן און איז אַוועק אַהין, ווו דער וואַלד איז געווען נאָך טונקעלער און געדיכטער. דאָ איז געווען שטיל־שטיל. קיין איין פייגעלע איז אַהער ניט פאַרפלויגן, קיין איין זונען־שטראַל האָט זיך דורך די געדיכטע בלעטער ניט געקאָנט דורכשלאָגן. די הויכע שטאַמען זיַינען געשטאַנען אַזוי האַרט איינס לעבן צווייטן, אַז זיי האָבן אויסגעזען ווי א וואַנט, און די שטילקיַיט איז געווען אַזוי גרויס, אַז עליזע האָט געהערט אירע אייגענע טריט. זי האָט געהערט דעם שאָרך פון יעדן טרוקענעם בלאַט, וואָס האָט געטראָפן איר אונטער די פיס. אָ, די איינזאַמקיַיט איז דאָ געווען אַזוי גרויס, אַז קיין ענלעכס האָט נאָך עליזע אינערגעץ קיינמאָל ניט געפילט.

באַנאַכט איז שוין געוואָרן גאָר פינצטער. אַפילו קיין איינציק גליווערעמל האָט אינערגעץ ניט געלויכטן. מיט א דערשלאָגן האַרץ האָט זיך עליזע אַוועקגעלייגט אַפן גראָז אָפּרוען.

א גאַנצע נאַכט האָבן זיך איר געחלומט גוטע חלומות, און גאַנצפרי, אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי ניט געוווּסט, צי די אַלע זאַכן זיַינען געווען נאָר אין חלום, צי עפּעס איז עפּעס פון דעם פאַרגעקומען אויך אין דער וואָר.

זי איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט פאָרויס און האָט באַגעגנט אַן

אלטינקע פרוי, וואָס האָט געטראָגן אַ קויש מיט יאַגעדעס. די אלטינקע האָט איר געגעבן אַ פּאָר יאַגעדעס פאַרזוכן, און עליזע האָט געפרעגט בײַ דער אַלטינקער, צי האָט זי ניט באַגעגנט קײן עלף פּרינצן, אויף די פערד רײַטנדיק.

— ניין, — מאַכט די אלטינקע, — איך האָב נאָר נעכטן געזען, ווי עלף שוואַנען מיט גאָלדענע קרוינען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צום טײַך און זײַנען אוועקגעשוווּמען.

און די אלטינקע האָט דורכגעפירט עליזען אַ ביסל ווײַטער און איר געוויזן אַ באַרג־אָפּהאַנג, וואָס בײַ זײַן צופוסנס האָט זיך געשלענגלט אַ טײַך. די ביימער פון ביידע זײַטן ברעג האָבן געשטרעקט די צווײַגן איינס צום צווייטן, און דאָרט, ווו די צווײַגן האָבן ניט געקענט דערלאַנגען, האָבן לאַנגע וואָרצלען זיך געהויבן פון דער ערד אַרויס און זיי געהאָלפן זיך איבערפלעכטן צווישן זיך.

עליזע האָט זיך געזעגנט מיט דער אלטינקער און איז אוועק לענגאויס דעם טײַך אַזוי ווײַט, ביז זי איז געקומען אַהין, צו יענעם אָרט, ווו דער טײַך איז אַרײַנגעפאַלן אין אָפענעם יאַם אַרײַן.

דער גאַנצער ברעגלאָזער יאַם איז געלעגן פאַר איר אויסגעשפּרייט. אָבער דאָס יונגע מיידל האָט ניט געזען אויף אים קיין איין זעגל, קיין איין קליין שיפעלע אַפילו. זי האָט זיך פאַרטראַכט: זי האָט ניט געוווּסט, וווּהין קערט מען זיך ווײַטער.

זי האָט צוגעקוקט, ווי די כוואַליעס קײַקלען די קליינע שטיינדעלעך באַם ברעג. די שטיינדעלעך האָבן זיך אַזוי אויסגעריבן, אַז זיי זײַנען געוואָרן קײַלעכדיק, גלאַט און געשליפן. און דאָס מיידל האָט אַ קלער געטאָן צו זיך אַליין, וויפל מי דאַרף מען אַוועקלייגן, ביז די דאָזיקע האַרטע שטיקלעך שטיין, גלאָז, אײַזן זאָלן בײַטן זייער אויסזען און זאָלן ווערן אַזוי גלאַט און אַזוי קײַלעכדיק. און די וואַסער טוט עס אַלץ אויף, כאָטש זי איז פיל ווייכער פון איר איידעלער האַנט. דער יאַם קײַקלט געדולדיק און אומדערמידלעך זײַנע כוואַליעס, און ער באַזיגט אַפילו די סאַמע האַרטסטע שטיינער. אַ דאַנק אײַך, ליכטיקע כוואַליעס, פאַר דעם, וואָס איר האָט מיך אויסגעלערנט. איך וועל זיך אויך באַמיִען צו זײַן אַזוי אומדערמידלעך, ווי איר. דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז איר וועט נאָך מיך ווען עס איז אָפּטראָגן צו מײַנע ליבע ברידער.

אויף צעטריקנטע וואַסער־געוויקסן זײַנען געלעגן עלף ווײַסע שוואַנען־

פּעדערנ. די פּעדערנ זײַנענ געװעזנ פײַכט. צי האָט זיכ עס גענומענ פונ טראָפּנס טױ אָדער פונ טרערנ, דאָס װײסט קײנער ניט. דער ברעג איז דאָכ געװעזנ אַזױ פּוסט אונ אײנזאַמ, אָבער עליזע האָט עס ניט געפילט, װאָרעמ זי האָט געקוקט צומ יאמ אונ זיכ זאַט ניט געקאָנט אָנקוקנ.

נאָר אָט רוקט זיכ אָנ אַפנ הימל א גרויסער שװאַרצער װאָלקנ. דער װינט נעמט זיכ שטאַרקנ, אונ דער יאמ הײבט אָנ צו װערנ טונקל, װיגנ זיכ אונ רױשנ. באַלד אָבער גײט די כמאַרע דורכ, איבערנ הימל שװעבנ ראָזע װאָלקנדלעכ. דער װינט װערט אײַנגעשטילט, אונ דער יאמ איז שױנ אױכעט רויִק. איצטער איז ער ענלעכ אַפ א רויזנ־בלעטעלע. אָט איז ער גרינ אונ אָט צוריק העל. אָבער װי שטיל די לופט אונ װי רויִק דער יאמ זאָל ניט זײַנ, רוט דאָכ ניט די װאַסער לעמ סאַמע ברעג. די װאַסער באַװעגט זיכ אונ הײבט זיכ שװאַכ, װי די ברוסט בײַ א שלאָפנדיקנ קינד.

די זונ האָט שױנ געהאַלטנ באַמ פאַרגײנ, װענ עליזע האָט פּלוצעמ דערזענ, װי סע פליִענ עלפ װילדע שװאַנענ מיט גאָלדענע קרױנדעלעכ אַפ די קעפּ. די שװאַנענ זײַנענ געפלויגנ אײנס הינטער דעמ צװײטנ אונ האָבנ אױסגעזענ, װי א לאַנגע װײַסע סטענגע. זײ דערזענ, איז עליזע אַרופגעקראָכנ אַפנ ברעג־אָפּהאַנג אונ זיכ באַהאַלטנ הינטער א קוסט. די שװאַנענ האָבנ זיכ דאָ אײנדערנאָענט אַראָפּגעלאָזנ אַראָפּ אונ האָבנ גענומענ פּאַטשנ מיט זײערע גרויסע װײַסע פליגלענ.

אונ װי נאָר די זונ איז אינגאַנצנ אַראָפּ אונטער דער װאַסער, אַזױ האָבנ זיכ פונ די שװאַנענ אָפּגעטאָנ זײערע פּעדערנ, אונ עליזע האָט מיטאַמאָל דערזענ פאַר זיכ עלפ שײנע פּרינצנ — די עלפ ברידער אירע. בײַ עליזענ האָט זיכ אַרױסגעריסנ א שטאַרקער געשרײ, װאָרעמ ניט געקוקט דערױפ, װאָס זײ האָבנ זיכ שטאַרק געענדערט, האָט זי דאָכ גלײַכ דערקענט, װער זײ זײַנענ. זי האָט גלײַכ דערפילט, אַז דאָס מוזנ זײ זײַנ. אונ זי האָט געגעבנ א שפּרונג צו זײ אינ די אָרעמס אונ זײ גלײַכ אָנגערופנ בײַ זײערע נעמענ. די ברידער, פונ זײער זײַט, האָבנ זיכ אױכ געשעצט גליקלעכ, װענ זײ האָבנ דערזענ אונ דערקענט זײער קלײנ שװעסטערל, װאָס איז אַזױ אױסגעװאַקסנ אונ אַזױ שײנ געװאָרנ פאַר דער דאָזיקער צײַט. זײ האָבנ געלאַכט אונ געװײנט פאַר פרײד, אונ זײ האָבנ אײנער פאַרנ אַנדערנ גלײַכ גענומענ אױסדערצײלנ װעגנ די אַלע שלעכטיקײַטנ, װאָס די בײזע שטיפמוטער איז אַנטקעגנ זײ באַגאַנגענ.

— מיר, די עלפ ברידער, — האָט זיכ דער עלטערער אָנגערופנ, — פליִענ

אום אלס ווילדע שוואכנעג אזוי לאנג, ביז די זונ שטייט אינ הימל. אָבער קוימ פארגייט זי נאָר, אזוי באקומענ מיר צוריק אונדזער מענטשלעכ געשטאלט. דערצו מוזנ מיר אלע מאָל פארנ זונ־פארגאנג באוואָרענענ אנ אָרט, ווו די פיס אוועקצושטעלנ, וואָרעמ ווענ מיר פליִענ אזוי אונטער די וואָלקנס אונ עס קומט די שאָ, ווענ מיר ווערנ צוריק מענטשנ, קאָנענ מיר נאָכ דאָ אראָפפאלנ אונ דערטרונקענ ווערנ. ווײנענ, ווײנענ מיר ניט דאָ. פונ יענער זײַט יאמ איז פאראנ א לאנד, וואָס איז שיינ ווי אונדזערס, נאָר דער וועג אהינ איז זייער ווײַט. מע מוז איבערפליִענ דעמ גאנצנ יאמ. אונ אפנ וועג איז ניט צו געפינענ קיינ איינ אינדזעלע, ווו מיר זאָלנ קאָנענ איבערווארטנ די נאכט, נאָר איינ איינציקער פעלדז שטעקט ארויס איבער דער מיט פונ אָט דעמ יאמ, אונ ער קלעקט קוימ דערופ, אז מיר זאָלנ זיכ צונויפשטופנ געדיכט איינס לעמ אנדערנ אונ דאָרטנ ווי עס איז איבערשטיינ די נאכט. אז דער יאמ איז ניט שטיל, שפריצט די וואסער מאמעש איבער אונדז אריבער. אָבער דאָכ איז דער דאָזיקער פעלדז פאר אונדז א גליק, וואָרעמ ווענ ער זאָל נאָכ אויכ ניט זײַנ, וואָלטנ מיר קיינמאָל ניט געקאָנט באזוכנ אונדזער אייגנ פאָטערלאנד. די סאמע לענגסטע צוויי טעג פונעמ יאָר מוזנ אוועקגיינ, קעדיי מיר זאָלנ קאָנענ אריבערפליִענ דעמ דאָזיקנ יאמ, דערומ קאָנענ מיר זיכ פארגינענ נאָר איינ מאָל אינ יאָר אראָפקומענ צו דער ליבער היימ. מיר בלײַבנ דאָ אפ עלפ טעג אונ פליִענ ארומ איבערנ גרויסנ וואלד. פונדאָרטנ זעענ מיר ארויס דעמ פאלאצ, ווו מיר זײַנענ געבוירנ געוואָרנ אונ ווו דער פאָטער אונדזערער ווײנט. מיר זעענ ארויס דעמ הויכנ קירכע־טורעמ, אונטער וועלכנ די מוטער אונדזערע ליגט באגראָבנ. דאָ פילנ מיר, ווי יעדער בוימ אונ יעדער קוסט וואָלטנ מיט אונדז געווענ פרײַנט. דאָ זעענ מיר, ווי די ווילדע פערד לויפנ אומ איבער די סטעפעס, פונקט ווי מיר האָבנ עס געזענ נאָכ קינדווײַז, דאָ הערנ מיר, ווי די קוילנברענער זינגענ זייערע אלטע לידער, די זעלבע לידער, בא וועלכע מיר האָבנ קינדווײַז געטאנצט. דאָ איז אונדזער פאָטערלאנד, אהער ציט עס אונדז קעסיידער, אונ דאָ האָבנ מיר דיכ, קליינינק שוועסטערל אונדזערס, געפונענ. צוויי טעג האָבנ מיר נאָכ דאָ צו זײַנ, אונ דערנאָכ מוזנ מיר זיכ לאָזנ איבערנ יאמ צו א לאנד, וואָס איז טאקע וווּנדערשיינ, נאָר ס'איז אָבער ניט אונדזער פאָטערלאנד. וויאזוי־זשע זאָלנ מיר דיכ מיטנעמענ? מיר האָבנ דאָכ בא זיכ נישט קיינ שיפ אונ נישט קיינ שיפל.

— אָ, ווען איך וואָלט אײַך קאָנען אויסלייזן פון דעם קישעף! — מאכט צו זיי די שוועסטער.

און אזוי האָבן זיי געשמועסט קימאט די גאנצע נאכט. אײַנגעדרעמלט האָבן זיי בלויז ערשט פארטאָג.

אופגעכאפט האָט זיך עליזע איבערן געריש פון די שוואַנען־פליגל, וואָס האָבן זיך איבער איר צעפאָכעט. די ברידער זײַנען צוריק פארוואַנדלט געוואָרן אין פויגלען. זיי האָבן גענומען מאכן גרויסע קרײַזן איבעראיר, ביז זיי זײַנען, ענדלעך, אוועקגעפלויגן פונדאנען. בלויז איין שוואַן איז געבליבן לעם עליזען. דאָס איז געווען דער סאמע ייִנגסטער ברודער. דער שוואַן האָט אוועקגעלייגט דעם קאָפּ זײַנעם צו עליזען אפן שויס, און עליזע האָט אים געגלעט זײַנע גרויסע ווײַסע פליגל. דעם גאנצן טאָג האָבן זיי פארבראכט אינצווייען, און צו אָוונט־צו זײַנען די איבעריקע ברידער געקומען צוריק, און ווי די זון האָט זיך נאָר געזעצט, אזוי האָבן זיי צוריק אָנגענומען זייער געוויינלעכן געשטאלט.

— מאָרגן, — האָט זיך אָנגערופן דער עלטסטער ברודער, — פליִען מיר איבעראנײַס אוועק פונדאנען, און מירן זיך ניט דערוועגן אומקערן אהער, איידער דאָס יאָר וועט דורכגיין. אָבער דיך וועלן מיר דאָ ניט איבערלאָזן! נעם זיך אָן מיט מוט און פלי מיט אונדז! מײַנע הענט זײַנען אזוי שטארק, אז איך קאָן דיך איינער אליין דורכטראָגן דורכן גאנצן וואלד, איז דען וועלן אונדזערע אלעמענס פליגל ניט זײַן אפּ אזויפיל שטארק, אז מיר זאָלן דיך קאָנען דורכטראָגן איבערן יאם?

— יאָ, — האָט עליזע געענטפערט, — נעמט מיך מיט.

די גאנצע נאכט האָבן זיי פארטאָן אפּ דעם, וואָס זיי האָבן צונויפגעטראָגן בויגעווודיקע לאָזע און טשערעט און האָבן אויסגעפלאָכטן דערפון אַ גרויסע און פעסטע נעץ. אפּ דער דאָזיקער נעץ האָט עליזע זיך אוועקגעלייגט, און ווי די זון איז אופגעגאנגען און די ברידער זײַנען צוריק פארוואנדלט געוואָרן אין פויגלען, האָבן זיי זיך אָנגעכאפּט מיט די שנאָבלען אין דער נעץ און זײַנען אוועקגעפלויגן מיט זייער ליבער שוועסטערל, וואָס האָט נאָך געהאלטן אינמיטן שלאָפן, הויך אונטער די סאמע וואָלקנס ארונטער. קעדיי די זונען־שטראלן זאָלן איר ניט שלאָגן אין די אויגן אריין, איז איינער, דער עלפטער שוואַן, געפלויגן איבער איר קאָפּ און צוגעדעקט זי מיטן שאָטן פון זײַנע ברייטע פליגל.

די שוואַנען זײַנען שוין געווען ווײַט פון לאנד אָפּגעפלויגן, ווען עליזע

האָט זיך אופגעכאַפּט. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עס כּאָלעמט זיך איר אַזעלעכס, אַזאַ מאָדנער געפיל האָט זי ארומגענומען פון דעם, וואָס זי פליט אינדערלופטן איבערן ברייטן, ראַכוועסדיקן יאַם. אַ צווײַג מיט שיינע צײַטיקע יאַגעדעס און אַ בינטל שמעקנדיקע וואָרצלען זײַנען לעם איר געלעגן בײַ דער זײַט. דאָס האָט דער סאַמע ייִנגסטער ברודער געהאַט צונויפגעקליבן און לעם איר אוועקגעלייגט. עליזע האָט צו אים געשמייכלט און געקוקט צו אים. זי האָט באַלד דערקענט, אַז דאָס איז ער, דער, וואָס פליט איבער איר און באַשאָטנט זי מיט זײַנע פליגל.

זיי זײַנען געפלויגן אַזוי הויך, אַז די סאַמע גרעסטע שיף, וואָס זיי האָבן דערזען אונטער זיך, האָט בײַ זיי אויסגעזען, פונקט ווי אַ ווײַסע מעווע וואָלט געזעסן אויף וואַסער.

אַ גרויסער וואָלקן האָט געשוועבט אונטער זיי, און אויף דעם דאָזיקן וואָלקן האָט עליזע, ווי אויף אַ באַרג, דערזען איר אייגענעם שאָטן און די שאָטנס פון די עלף שוואַנען. אַזוי גרויס און אַזוי ריזיק האָט עס אַלץ אויסגעזען, אַז קיין מער פּרעכטיק בילד האָט זי זיך נאָך ביז איצט אפילו פאָרשטעלן ניט געקאָנט. אַז די זון האָט זיך אויפגעהויבן העכער און דער וואָלקן האָט זיך אָפּגעשטעלט ווײַט הינטער זיי, דאַן איז אויך דאָס שוועבנדיקע שאָטן־בילד אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן.

דעם גאַנצן טאָג זײַנען די שוואַנען געפלויגן אַזוי שווינדיק, ווי אַ קויל, וואָס פײַפט אינדערלופטן. אָבער דאָך איז זייער געפלי געווען לאַנגזאַמער, ווי אַן אַנדערשמאָל. זיי האָבן דאָך איצטיקס מאָל געטראָגן זייער שוועסטער מיט זיך. דער וועטער איז געוואָרן ערגער, און ס׳האָט אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט. עליזע האָט מיט שרעק געקוקט, ווי די זון האַלט אין איין זינקען, און דעם איינזאַמען פעלדז אויפן יאַם איז נאָך אַלץ ניט געווען צו זען. עליזען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די שוואַנען האָבן אָנגעהויבן האַסטיקער פּאַטשן מיט די פליגל. אַך! זי איינע איז דאָך שולדיק דערין, וואָס זיי האָבן זיך איצט פאַרשפּעטיקט! אַז די זון וועט אינגאַנצן אונטערגיין, וועלן די ברידער אירע מוזן ווערן צוריק מענטשן סאַמע אינדערלופטן, און דאַן וועלן זיי אַראָפּפאַלן אין יאַם און דאָרטן דערטרונקען ווערן. די שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך גערוקט אַלץ נעענטער און נעענטער, ביז זיי האָבן זיך פאַרייניקט אין איין גרויסן בלײַשווערן הויפן, פון וואַנען ס׳האָט זיך אַרויסגעריסן איין בליץ נאָכן צווייטן.

איצט האָט זיך שוין די זון אַראָפּגעלאָזט צום סאַמע ראַנד פונעם יאַם, אָט־אָט רירט זי זיך אָן אָן דער וואַסער.

באַ עליזען האָט דאָס האַרץ געפלאַטערט. פּלוצעם האָבן די שוואַנען מיט גרויס אימפּעט זיך אַ לאָז געטאָן אַראָפּ. עליזע האָט געמיינט, אַז דאָס פאַלן זיי שוין. אָבער ניין, — זיי שוועבן ווײַטער. יאָ די זון האָט זיך שוין אײַנגעטונקט ביז האַלב אין דער וואַסער, און ערשט דאָ האָט עליזע דערזען אונטער זיך דעם קליינעם פעלדז, וואָס האָט אויסגעזען, פּונקט אַזוי ווי אַ יאַם־הונט וואָלט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון וואַסער אַרויס. די זון טוקט זיך שוין אַלץ נידעריקער און נידעריקער; איצט זעט זי שוין מער ניט אויס, ווי אַ קליין גלאַנצנדיק שטערנדל. און באַלד האָט עליזע דערפילט אַ האַרטן באָדן אונטער די פיס. די זון האָט זיך אויסגעלאָשן, ווי דער לעצטער פונק פון אַן אויסגעברענט שטיקל פּאַפּיר. זי האָט דערזען, ווי די ברידער שטייען אַרום איר ענג אויסגעשטעלט, זיי האַלטן זיך אָרעם באַ אָרעם, און קיין פּיצל פרײַער פּלאַץ איז שוין מער פאַר קיינעם ניט געבליבן. דער יאַם שלאָגט ווילד אינעם פעלדז, און אַ גאַנצער רעגן מיט טראָפּנס שפּריצט איבער זייערע קעפּ. דער הימל פלאַקערט פון די בליצן, און די דונערס קנאַלן איינער נאָכן צווייטן. אָבער דאָס שוועסטערל מיט די ברידער האָבן זיך פעסט געהאַלטן מיט די הענט איינס אָנעם אַנדערן, געזונגען אינדערשטיל לידער, וואָס זיי האָבן פאַרגעדענקט פון דער קינדהײַט, און דאָס האָט זיי צוגעגעבן שטאַרקײַט און טרייסט.

ווי ס'האָט נאָר אָנגעהויבן טאָגן, איז צוריק געוואָרן שטיל און קלאָר. און אַז די זון איז אויפגעגאַנגען, האָבן די שוואַנען פאַרלאָזן דעם פעלדז און זײַנען מיט עליזען אוועקגעפלויגן ווײַטער. אויפן יאַם האָבן זיך נאָר געהויבן שטאַרקע כוואַליעס, און אַז זיי האָבן געקוקט פון דער הייך אויפן ווײַסן שוים, וואָס טראָגט זיך איבער דעם טונקל־גריגעם יאַם, האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז דאָס זײַנען מיליאָנען שוואַנען, וואָס שווימען איבער דער וואַסער.

אַז די זון איז שוין געשטאַנען גאַנץ הויך, האָט עליזע פּלוצעם דערזען פון דערווײַטנס אַ באַרג־לאַנד, ווי אינדערלופטן שוועבנדיק, מיט פינקלענדיקן אײַז אויף די פעלדז־שפּיצן. אין דער מיט פונעם דאָזיקן לאַנד הייבט זיך אויף מײַלן־ווײַט אַ פּרעכטיקער פּאַלאַץ, וואָס איז באַצוימט מיט לײַכטע דורכזיכטיקע גאַלערייען; עטוואָס נידעריקער וואַקסן שיינע

פאלמען־וועלדער און פרעכטיקע בלומען, וואָס יעדערע איז ווי א מיל־ראָד די גרייס.

עליזע האָט א פרעג געטאָן, צי דאָס איז שוין עפּשער דאָס לאַנד, ווו זיי דארפן זיך אראָפּלאָזן, אָבער די שוואַמען האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ אפ ניין, וואָרעם דאָס, וואָס זי האָט געזען, איז בלויז געווען דער פאטא מאָרגאנאָס וווּנדערשיינער און שטענדיק פארענדערלעכער וואָלקן־שלאָס, ווו קיינער בייטיקט זיך ניט אין קיין מענטשן. עליזע האָט ווידער א קוק געטאָן אין דער ווייט, און זי האָט דערזען אָן א שיר טורעמס, וואָס זיינען געהויפנט איינס אפן צווייטן, און פונדאָרטן האָבן זיך געטראָגן ניגונים, ווי מע וואָלט געשפילט אפ אן אָרגל. אָבער דאָס איז נאָר געווען דער גערויש פונעם יאַם, וואָס האָט זיך אהער דערטראָגן. דערנאָך האָט זיך איר אויסגעוויזן, אז זי זעט פאר זיך הויכע בערג, וואָס זיינען באדעקט מיט געדיכטע וועלדער, זויבער־ווייסער שניי האָט געבלענדט אפ די סאַמע שפּיצן פון די דאָזיקע בערג, און גרויסע הליבעס — אייז האָבן זיך אראָפּגעלאָזט צווישן די אומצוטריטלעכע פעלדזן.

פלוצעם זיינען די דאָזיקע בערג פארוואנדלט געוואָרן אין א גאנצן פלאָט מיט זעגלשיפן, וואָס באוועגט זיך דאָרט פונונטן. אָבער, אז זי האָט זיך בעסער איינגעקוקט, האָט זי ערשט פארשטאנען, אז דאָס איז דער יאַם־נעפּל, וואָס שוועבט, טראָגט זיך איבער דער וואסער. די בילדער האָבן טאקע ווירקלעך געהאלטן אין איין ענדערן זיך פאר אירע אויגן. נאָר אָט האָט זי שוין אפ אן עמעס דערזען דאָס לאַנד, וווהין זיי זיינען געפלויגן. דאָרטן האָבן זיך געהויבן וווּנדערלעכע בלויע בערג, מיט צעדער־וועלדער באדעקט, און פונדערווייטנס האָט מען געזען גרויסע שטעט מיט זייער שיינע פאלאצן.

ס'איז נאָך געווען ווייט ביזן זון־אונטערגאנג, און עליזע איז שוין געזעסן אפ א פעלדז באַם אריינגאנג צו א טיפער הייל, ווו ס'האָבן זיך געשלענגלט ארום די ווענט אזעלכע פיינע, גרינע געוויקסן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי די געשטריקטע טעפּיכער.

— איצט וועלן מיר זען, וואָס סע וועט זיך דיר היינטיקע נאכט כאָלעמען, — מאכט דער יינגסטער ברודער צו עליזען און ער ווייזט איר, ווו איר אלקערל וועט זיין.

— אך, ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, — מאכט עליזע, — ווען איך

דערזע אין כאָלעם א מיטל, וויאַזוי אַײַך אויסצולייזן. — און מיט די דאָזיקע געדאנקען איז זי טאקע אנשלאָפן געוואָרן.

און עס דוכט זיך איר אויס, אז זי פליט הויך־הויך און דערנעענטערט זיך צום וואָלקן־פּאַלאַץ פון דער פּאַטא מאָרגאנא. און די פּייע פּאַטא מאָרגאנא גייט איר ארויס אנטקעגן. די פּייע איז אזוי ליכטיק און אזוי איידל, און אין דער זעלבער צײַט איז זי אזוי שטארק ענלעך אף יענער אלטינקער, וואָס האָט איר אָנומלטן געגעבן אין וואלד פארזוכן אירע יאגעדעס און וואָס האָט איר דערציילט וועגן די שוואנען מיט די גאָלדענע קרוינען אף די קעפּ.

— דײַנע ברידער, — זאָגט צו איר די פּייע, — קאָנען אויסגעלייזט ווערן. אָבער צי וועט בא דיר קלעקן דערויף מוט און אויסגעהאלטנקײַט? עמעס, די וואסער איז ווייכער פון דײַנע איידעלע הענט און דאָך פורעמט זי אויס די שטיינער און טאָקט זיי אויס. אָבער מע דארף ניט פארגעסן, אז די וואסער פילט ניט דעם ווייטעק, וואָס דײַנע פינגער וועט אויסקומען איבערטראָגן. די וואסער האָט קיין הארץ ניט, און איר קומט ניט אויס צו לײַדן פון די אנגסטן מיט די שמערצן, וואָס דיר וועט אויסקומען איבערצוטראָגן. דו זעסט אָט די קראָפּעווע, וואָס איך האלט איצט אין דער האנט, פונקט אזא קראָפּעווע וואקסט דאָ ארום דײַן הייל. איז נאָר די, וואָס וואקסט דאָ, און אויך די, וואָס וואקסט אפן בעסוילעם ארום די קוואָרים, קאָנסטו נוצן. פארגעדענק עס גוט. און די דאָזיקע קראָפּעווע זאָלסטו רײַסן, כאָטש זי וועט דיר בריִען די הענט, און עס וועלן אף זיי אופלויפן אָן א שיר פוכירן. דערנאָך זאָלסטו זי אזוי לאנג טרעטן מיט די פיס, ביז סע וועט זיך באקומען פון איר פלאקס. פון דעם דאָזיקן פלאקס וועסטו אויספלעכטן און אויסשטריקן עלף העמדער מיט לאנגע ארבל, און ווי נאָר דו וועסט ארופוואַרפן די העמדער אף די ווילדע שוואנען, אזוי ווערן זיי גלײַך אויסגעלייזט פונעם קישעף. אָבער געדענקען מוזסטו איין זאך, אז פון דעם אויגנבליק, ווי דו וועסט נאָר אָנהייבן די דאָזיקע ארבעט, און ביז די ארבעט וועט געענדיקט ווערן, טאָרסטו ניט אויסריידן קיין איין וואָרט, אפילע אויב ס׳וועט געדויערן יאָרנלאנג. דאָס ערשטע וואָרט, וואָס דו וועסט נאָר ארויסברענגען, וועט דורכלעכערן דײַנע ברידערס הערצער, ווי א קינזשאל. איצט וועט פון דײַן צונג אָפּהענגען זייער גאנץ לעבן. דאָס אלץ זאָלסטו גוט פארגעדענקען!

און פאטא מאָרגאנא האָט זיכ אָנגערירט מיט דער בריִענדיקער קראָפעווע אינ עליזעס האנט. דאָס האָט זי א ברי געטאָנ, ווי מיט פײַער, אונ עליזע האָט זיכ אופגעכאפט.

ס'איז שוינ געווענ העלער טאָג אינדרויסנ, אונ האַרט לעמ איר געלעגער איז געלעגנ א שטענגל קראָפעווע, פונקט אזא, ווי די, וואָס זי האָט געזענ אינ כאָלעמ. דאָס אלצ האָט אָנגעפילט איר הארצ מיט אסאכ טרייסט אונ דאנקבארקײַט, אונ עליזע איז ארויסגעגאנגענ פונ דער הייל אונ זיכ גלײַכ גענומענ צו דער ארבעט.

זי האָט געריסנ מיט אירע צארטע הענט די בייזע באקנדיקע קראָפעווע, וואָס בריט, ווי פײַער. אפ די הענט אונ אפ די עלנבויגנס זײַנענ בא איר אופגעלאָפנ גרויסע פוכירנ. אָבער זי האָט עס גערנ אלצ איבערגעטראָגנ. ווי דערלעבט מענ נאָר, אז אירע ליבע ברידער זאָלנ אויסגעלייזט ווערנ. מיט די נאקעטע פיס האָט זי די קראָפעווע געטראָטנ, אונ פונעמ פלאקס גענומענ שפינענ לאנגע גרינע פעדעמ.

אז די זונ איז פארגאנגענ, זײַנענ די ברידער געקומענ צו פליִענ, אונ ווי דערשראָקנ זײַנענ זיי געוואָרנ פונ דעמ, וואָס זיי האָבנ זי געטראָפנ שטומ. זיי האָבנ א קלער געטאָנ, אז דאָס איז גיכער פונ אלצ א נײַער קישעפ, וואָס די בייזע שטיפמוטער האָט איר אָפגעטאָנ. אָבער, ווי זיי האָבנ א קוק געטאָנ אפ אירע צעבריטע הענט, האָבנ זיי גלײַכ פארשטאנענ, אז דאָס אלצ טוט זי פאר זייער אויסלייזונג וועגנ. דער ייִנגסטער פונ די ברידער האָט זיכ צעוויינט. אונ אומעטומ, ווו זײַנע טרערנ זײַנענ נאָר געפאלנ, אזוי פלעגנ גלײַכ פארשווינדנ די פוכירנ, אונ דער ווייטעק פלעג געשטילט ווערנ.

די גאנצע נאכט האָט עליזע דורכגעפירט לעמ איר ארבעט. וואָרעמ זי האָט ניט געוואָלט קלערנ פונ קיינ רו, ביז זי וועט ניט האָבנ אויסגעלייזט אירע ליבע ברידער. דעמ גאנצנ קומענדיקנ טאָג, קאָלזמאנ די שוואנענ זײַנענ ערגעצ אומגעפלויגנ, איז עליזע געזעסנ איינע אליינ. אָבער זינט זי לעבט, איז נאָכ קיינמאָל די צײַט ניט געפלויגנ מיט אזא מינ שנעלקײַט, ווי איצט. אָט איז שוינ אײנ העמדל גרייט, אונ זי נעמט זיכ צו דעמ צווייטנ.

פלוצעמ האָט זיכ צעטראָגנ צווישנ די בערג דאָס שאלנ פונ די יאגדהאָרנס. עליזע האָט זיכ שטארק דערשראָקנ. די קלאנגענ זײַנענ וואָס אמאָל געוואָרנ נעענטער. זי האָט דערהערט דאָס בילנ פונ הינט. מיט



גרויס שרעק איז עליזע אוועקגעלאָפּנ אינ הייל אריַינ. זי האָט די גאנצע קראָפּעווע אירע צונויפגעבונדנ אינ איינ בינטל אונ זיכ אפ דעם אוועקגעזעצט.

פונקט אינ דער רעגע איז א גרויסער הונט ארויסגעשפּרונגענ פונ צווישנ די קוסטנ, אונ באלד נאָכ אימ נאָכ איינער אונ נאָכ איינער. די הינט האָבנ זיכ צעבילט הויכ אפ א קאָל. זיי זיַינענ ערגעצ אוועקגעלאָפנ אונ באלד טאקע צוריק געקומענ צו יאָגנ. אינ א וויַילע ארום זיַינענ שוינ אלע יעגערס געשטאנענ לעמ דער הייל, אונ דער שענסטער צווישנ זיי איז געווענ דער קעניג פונ דעמ דאָזיקנ לאנד. ער איז צוגעקומענ נעענטער צו עליזענ. זינט ער לעבט, האָט ער נאָכ אזא שיינהיַיט ניט געזענ!

— ווי קומסטו אהער, דו פּרעכטיק קינד? — האָט ער א פרעג געטאָנ. עליזע אָבער האָט נאָר געשאָקלט מיטנ קאָפּ. זי האָט זיכ ניט דערוועגט אפילע עפּענענ דאָס מויל, וואָרעמ אירע ברידער קאָנענ דאָכ אומקומענ

אפ אײביק. די הענט האָט עליזע באהאלטן אונטערן פארטעך, קעדײ דער קעניג זאָל ניט זען אירע פוכירן.

— קום מיט מיר, — האָט זיך דער קעניג אָנגערופן, — דו טאָרסט דאָ מער ניט בלײַבן. אויב דו ביסט נאָר אזוי גוט, ווי שײן, וועל איך דיך אויספוצן אין זײַד און אין סאמעט, איך וועל דיר אָנטון א גאָלדענע קרוין אפן קאָפּ, קעדײ דו זאָלסט זיך באזעצן אין דעם רײַכסטן פון מײַנע פאלאצן און דאָרטן הערשן.

און ער האָט זי ארופגענומען צו זיך אפן פערד.

עליזע האָט געוויינט און זיך געבראָכן די הענט, אָבער דער קעניג האָט צו איר געזאָגט:

— איך בין נאָר אויסן דײַן גליק. דו וועסט נאָך מיר אמאָל זאָגן א דאנק דערפאר.

און ער האָט זיך אוועקגעיאָגט דורך די בערג. עליזען האָט ער גע־האלטן בא זיך אפן פערד, און די יעגער האָבן געיאָגט נאָך אים.

צו אָוונט־צו האָבן זײ דערזען פאר זיך דעם קעניגס פּרעכטיקע הויפּט־שטאָט מיט די פּאלאצן און טורעמס. און דער קעניג האָט ארײַנגעפירט עליזען צו זיך אין פאלאץ ארײַן. אין די הויכע מארמאָר־זאלן האָבן גע־רוישט פאָנטאנען, און די ווענט מיט די סטעליעס זײַנען געווען באמאָלט מיט די שענסטע בילדער. עליזע האָט אָבער אף דעם אלעמען קײן אויג ניט אופגעהויבן, וואָרעם זי האָט געהאלטן אין אײן וויינען און טרויערן. אין אָנמאכט האָט זי זיך געלאָזט, די פרויען זאָלן אף איר אָנציִען קעניג־לעכע מאלבושים, זײ זאָלן איר אײַנפלעכטן שנורן פּערל אין די האָר און אָנטון אײדעלע האנטשן אף אירע צעבאקטע פינגער.

אינעם רײַכן קלייד האָט עליזע אויסגעזען אזוי פּרעכטיק שײן, אז דער גאנצער הויף האָט זיך נאָך טיפער פאר איר פארנויגט, און דער קע־ניג האָט געלאָזן מעלדן, אז ער נעמט זי זיך פאר א קאַלע. אָבער דער קעניגלעכער בישאָף האָט גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ און אײַנרוימען דעם קעניג אפן אויער, אז דאָס שײנע וואלד־מײדל איז גיכער פון אלץ א קישעפמאכערן, זי האָט מיט איר קישעף פארבלענדט דעם קײסער די אויגן און אים באצויבערט דאָס הארץ.

אָבער דער קעניג האָט זיך צו אים ניט געוואָלט צוהערן. ער האָט א ווונק געטאָן צו די קלעזמער, זײ זאָלן א שפּיל טון אף זײערע קײלים, ער האָט געהײסן אראָפּברענגען די שענסטע מײדלעך צום טאנצן, און

מע זאָל גרייטן דעם טיש מיט די שענסטע געריכטן. און אליין האָט ער אוועקגעפירט עליזען דורך די דופטיקע גערטנער צו זײַנע פּרעכטיקע פּאַלאַצן.

עליזעס ליפּן, ווי אויך די אויגן אירע, האָבן אָבער אפילו דעם מינדסטן שמייכל ניט געטאָן. טרויער איז אין זיי געלעגן, פּונקט ווי דאָס זאָל זײַן איר איינציק געיאַרשנטע אייגנשאַפט און אייגנטום. דאַן האָט דער קעניג אופגעעפנט דאָס קליינע צימערל, וואָס האָט זיך געפונען לעם עליזעס שלאָף־קאַמער. דאָס צימערל איז געווען אײַנגאַנצן באַהאַנגען מיט גרינע טעפּיכער און איז געווען זייער ענלעך אף דער וואַלד־הייל, וווּ ער האָט געהאַט געפונען עליזען. אפן דיל איז געלעגן דאָס בינטל פלאַקס, וואָס זי האָט אויסגעשפּינט פון דער קראָפּעווע, און אף דער סטעליע איז געהאַנגען דאָס העמדל, וואָס עליזע האָט שוין געהאַט אויסגעאַרבעט. דאָס אַלץ האָט איינער פון די יעגער פאַרכאַפּט מיט זיך ווי אַ זעלטנהייט.

— דו קאָנסט זיך דערמאַנען אין דײַן פריערדיקער היים, — האָט זיך דער קעניג אָנגערופן. — אָט האָסטו פאַר זיך דײַן אַרבעט, מיט וועלכער דו ביסט דאָרט געווען באַשעפטיקט. צווישן דעם גאַנצן פּראַכט, וואָס רינגלט דיך דאָ אַרום, וועסטו אַלע מאָל זיך קאָנען דערמאַנען וועגן דײַן פאַרגאַנגענהייט און זיך מיט דעם פאַרווײַלן, ווען עס וועט זיך דיר נאָר פאַרגלוסטן.

ווי עליזע האָט נאָר דערזען דאָס אַלץ, וואָס איז איר אַזוי נאָענט צום האַרצן, אַזוי איז אַ שמייכל אַרויס אף אירע ליפּן. דאָס בלוט האָט צוריק גענומען שפּילן אין אירע יונגע באַקן. איר איז געקומען אפן געדאַנק די אויסלייזונג פון אירע ליבע ברידער, האָט זי געקושט דעם קעניגס האַנט, און דער קעניג האָט זי געדריקט צו זײַן האַרצן.

דער בישאָף האָט ווײַטער געהאַלטן אין איין אָנריידן אַלדאָס בייז אף עליזען, אָבער זײַנע רייד האָבן ניט געקאָנט דערלאַנגען צום קעניגס האַרץ. אף מאָרגן האָט מען געשטעלט אַ כאַסענע. דער בישאָף זעלבסט האָט געמוזט אָנטון דער קאַלע די קרוין אפן קאָפּ. פאַר גרויס פאַרדראָס האָט ער איר אַזוי שטײַף אָנגערוקט דעם ענגן רייף אפן קאָפּ, אַז ס'האָט איר אָן סאָפעק געמוזט ווי טון. אָבער עליזע האָט זיך צו דעם ניט צוגעהערט, אַ שווערערער רייף האָט בײַ איר געדריקט דאָס האַרץ. דאָס איז געווען דער טרויער נאָך אירע ברידער. אירע ליפּן זײַנען, ווי פריער,

געוועז שטום, וואָרעם קוים ברענגען זיי ארויס דאָס מינדסטע וואָרט, אזוי ברענגט זי אום אירע ברידער פון דער וועלט. דערפאר האָבן אָבער די אויגן אירע ארויסגעדריקט טיפע ליבע צום גוטן און שיינעם קעניג, וואָס האָט געטאָן אלץ אין דער וועלט, אבי זי מיט עפּעס דערפרייען. וואָס א טאָג וויַיטער, אלץ ליבער איז ער איר געוואָרן. אָ, ווען זי קאָן אים אָנטרויען איר הארץ, זיך טיילן מיט אים וועגן אירע ליידן. אָבער זי מוז דאָך בלייַבן שטום, זי מוז שטום זייַן, ביז זי וועט האָבן געענדיקט די גאנצע ארבעט אירע.

אלע נאכט פלעג זי זיך שטיל ארויסגאנוועענען פון שלאָפצימער, און זי פלעג זיך פארקלייַבן אין איר געהיים קעמערל, וואָס איז ענלעך געווען אף א הייל, און דאָרטן האָט זי געשטריקט און געפלאָכטן איין העמדל נאָכן צווייטן. אַז ס'איז אָבער געקומען צום זיבעטן העמדל, איז שוין בא איר מער קיין פלאקס ניט געבליבן.

אפן בעסוילעם, האָט געוווּסט עליזע, וואקסט פּונקט אזא מין קראָפּעווע, ווי זי דארף, אָבער זי מוז דאָס אליין מיט אירע אייגענע הענט אָנרייַסן.

„אָ, וואָס פאר א ווערט האָט דער ווייטעק, וואָס מייַנע פינגער לייַדן, — האָט זי געטראכט, — אנטקעגן דעם אנגסט, וואָס מייַן הארץ שטייט אויס".

און מיט א פארקלעמט הארץ, פונקט ווי זי וואָלט גיין טון א שלעכטע זאך, האָט זי זיך אין א ליכטיקער לעוואָנע־נאכט געגומען גאנוועענען צום בעסוילעם. זי איז געגאנגען דורך די לאנגע אלייען פונעם קייסערלעכן גאָרטן און דערנאָך דורך די ליידיקע, איינזאמע גאסן.

גייִן אפן בעסוילעם אינמיטן דער נאכט איז געווען א מוירע, אָבער זי האָט זיך געשטארקט, זי האָט קיין איין וואָרט ניט ארויסגעלאָזט. זי האָט אינדערגיך אָנגעריסן א בינטל ברענדיקע קראָפּעווע און עס אוועקגעטראָגן צוריק אין שלאָס אריין.

דער איין און איינציקער מענטש, וואָס האָט זי אין דער־אָ שאָ געזען, איז געווען דער בישאָף. ער איז דאָך קעסיידער אוף, דאן ווען אלע איבעריקע שלאָפן. איצט איז ער שוין געווען אינגאנצן זיכער, אז זייַן מיינונג איז געוויס א ריכטיקע. מיט דער קעניגן איז דאָ עפּעס ניט גלאט. זי איז געוויס א קישעפמאכערן און זי־האָט פארפירט אי דעם קעניג, אי דאָס פאָלק.

אינדערפרי האָט ער איבערגעגעבן דעם קעניג אלץ, וואָס ער האָט די

נאַכט געזען, און ער האָט געפּאָדערט אַ שווערע שטראָף פאַר דער קעניגן. אפילע די בילדער פון די ווענט האָבן, דוכט זיך, געשאָקלט מיט די קעפּ, אַז ס'איז ניט ריכטיק, אַז עליזע איז אין גאָרנישט ניט שולדיק, אָבער דער בישאָף האָט עס אויסגעטײַטשט אַנדערש: — פאַרקערט, זיי שאָקלען מיט די קעפּ און באַדויערן עליזען פאַר אירע גרויסע זינד.

צווײ שווערע טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקײַקלט אַפן קעניגס באַקן. ער איז אַוועק אַהיים, און צווייפל האָט זיך אַרײַנגעגאַנוועט צו אים אין האַרצן.

בײַנאַכט האָט זיך דער קעניג נאָר געמאַכט, אַז ער שלאָפט, אָבער אינעמעסן איז קיין שלאָף ניט געקומען אַפן זײַנע אויגן. און באַלד האָט ער באַמערקט, ווי עליזע שטייט אויף און פאַרלאָזט דעם שלאָפצימער. און יעדער נאַכט האָט זיך איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע: אַלע מאָל פלעג דער קעניג איר נאָכקוקן אין דער שטיל און באַמערקן, ווי זי ווערט פאַרשווּנדן בײַ זיך אין קעמערל.

פון טאָג צו טאָג איז דעם קעניג אַלץ שווערער געוואָרן אַפן האַרצן. זײַן פּאָנעם איז געוואָרן אַלץ פינצטערער. עליזע האָט עס זייער גוט געזען, אָבער זי האָט ניט געוווּסט די סיבע דערפון. דאָס האַרץ איז איר אויסגעגאַנגען אי פאַר שרעק, אי פאַר ראַכמאָנעס צו די ברידער. איבערן קעניגלעכן סאַמעט און פּורפּור, אין וועלכן זי איז געגאַנגען געקליידט, זײַנען געפלאָסן אירע ביטערע טרערן, וואָס האָבן זיך אויסגעלייגט, ווי די שימערירנדיקע דימענטן, און אַלע, ווער ס'האָט נאָר געזען, ווי פּרעכטיק זי איז, האָבן איר מעקאַנע געווען און זיך געווּנטשן זײַן אַפן איר אָרט. דערווײַל איז די אַרבעט געגאַנגען צו ענדע. ס'איז געבליבן צו מאַכן נאָך איין העמדל. איז אָבער אויסגעגאַנגען דער גאַנצער פלאַקס און די קראָפּעווע.

נאָך איין מאָל, איצט שוין מאַקע דאָס לעצטע מאָל, וועט זי זיך נאָך מוזן אַראָפּכאַפּן אַפן בעסוילעם און דאָרטן אָנרײַסן געציילטע עטלעכע בינטלעך קראָפּעווע. איר איז דורכגעגאַנגען אַ גרויל איבערן לײַב, ווען זי האָט זיך דערמאַנט, ווי שרעקלעך ס'איז גיין אַהין איינע אַליין אין מיטן בײַנאַכט. אָבער איר ווילן איז געווען גענוג שטאַרק אַפ אויסצופילן דאָס, וואָס זי מוז.

בײַנאַכט האָט זיך עליזע שטילערהייט אַרויסגעגאַנוועט פונעם פּאַלאַץ, אָבער דער קעניג און דער בישאָף זײַנען איר נאָכגעגאַנגען אין דער

שטיל, און זיי האָבן געזען, ווי עליזע איז לעם בעסוילעם פארשוווּנדן געוואָרן פון יענער זייט פארקן. דעם קעניג איז דערפון געוואָרן זייער שלעכט אפן הארצן.

— מירן זי איבערגעבן צום געריכט, — האָט דער קעניג זיך אָנגערופן.

און דער געריכט האָט פארמישפּעט עליזען צום פארברענען.

פון די פּרעכטיקע קעניגלעכע זאלן האָט מען עליזען אוועקגעפירט אין א פינצטערן, פייכטן קעלער, ווּהין דער ווינט האָט אריינגעפייפט דורך די ענגע פארגראטעטע פענצטער. אָנשטאָט זייד און סאמעט האָט מען אהין אריינגעוואָרפן דאָס בינטל קראָפּעווע, וואָס זי האָט אָנגעריסן אפן בעסוילעם, די דאָזיקע ברייענדיקע קראָפּעווע זאָל איר דינען פאר א צוקאָפּנס; און די הארטע ברייענדיקע העמדלעך, וואָס זי האָט אויסגעפלאָכטן, זאָלן איר פארבייטן די ווייכע איבערבעטן מיט די ווארעמע קאָלדרעס. אָבער קיין ליבערס פון דעם האָט זי זיך גאָר אליין ניט געווּנטשן. זי האָט זיך מיט פלייס פונסניי א נעמ געטאָן זיך צו דער ארבעט. אינדרויסן האָבן גאסן-יונגען גענומען זינגען אפ איר אלערליי שפּאָט-לידעלעך, און קיין איין נעשאָמע האָט זיך ניט געפונען, וואָס זאָל זי טרייסטן מיט א פריינטלעך וואָרט.

באם סאמע זון-פארגאנג האָט עליזע דערהערט פון יענער זייט גראטעס א רויש פון שוואנען-פליגל. דאָס איז געווען עליזעס יינגסטער ברודער, וואָס האָט אָפּגעזוכט די שוועסטער זיינע. עליזע האָט זיך צעכליפּעט הויך אפ א קאָל, און טרערן פון פרייד האָבן איר גענומען לויפן פון די אויגן. כאָטש זי האָט גוט געווּסט, אז דאָס איז די לעצטע נאכט, וואָס איר איז געבליבן צו לעבן. אָבער אין דער זעלבער צייט וועט זי דאָך האָבן די גאנצע ארבעט געענדיקט, און צום גליק זיינען שוין די ברידער אויך דאָ.

דער בישאָף איז אריינגעקומען, קעדיי צו זיצן מיט איר די לעצטע שאָען. ער האָט עס צוגעזאָגט דעם קעניג, אָבער זי האָט גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ און אים בעטן מיט אירע בליקן און מיט געוויין, ער זאָל אוועקגיין פונדאנען. זי מוז פאר דער דאָזיקער צייט ענדיקן איר ארבעט, אויב ניט, וועט אלץ-אלץ גיין פארפאלן: אירע ליידן, אירע טרערן און די שלאָפלאָזע נעכט. דער בישאָף איז אוועק. נאָר פארן ארויסגיין האָט ער איר אָפּגעזאָגט א פּאָר בייזע, זייער בייזע ווערטער. אָבער די אָרעמע

עליזע האָט דאָך גוט געוווּסט, ווי אומשולדיק זי איז, און זי האָט פאַר־געזעצט איר אַרבעט.

די קליינע מײַזעלעך, וואָס זײַנען דאָ אומגעלאָפן אין קעלער, האָבן געשלעפּט די צעוואָרפענע קראַפּעווע און איר געטראָגן צו די פיס, אַבי זיי זאָלן איר מיט וואָס ניט איז באַהילפיק זײַן. די דראָסלען האָבן זיך אַוועקגעזעצט אַף די גראַטעס פון די פענצטערלעך און האָבן איר די גאַנצע נאַכט געזונגען אַזוי מונטער, ווי זיי האָבן נאָר געקאָנט, אַבי עליזען זאָל דאָ זײַן פריילעכער, און זי זאָל איר מוט ניט פאַר־לירן.

ווי ס'האָט נאָר אָנגעהויבן שאַרײַען, די זון איז נאָך ניט אויפגעגאַנגען, — האָבן זיך באַם טויער פון פּאַלאַץ באַוויזן אַלע עלף ברידער עליזעס און געפּאָדערט, מע זאָל זיי פירן צום קעניג. אַן ענטפער האָבן זיי אָבער באַקומען, אַז דאָס איז אוממעגלעך — ס'איז נאָך נאַכט, דער קייסער שלאָפט, און קיינער טאָר אים ניט וועקן. זיי האָבן געהאַלטן אין איין בעטן און פאָדערן, אַז מע זאָל זיי נאָר פירן צום קעניג. איז אָנגעקומען די וואַך, דער קעניג אַליין איז אַרויס זען, וואָס איז דאָרט פאַר אַ טומל. אָבער אין דער רעגע איז די זון אויפגעגאַנגען, און די עלף ברידער זײַנען פאַרשוווּנדן. איבערן שלאָס האָבן נאָר אַרומגעשוועבט עלף ווילדע שוואַנען.

פונעם שטאָט־טויער האָט געשטראָמט דאָס גאַנצע פאָלק, אַלע האָבן געוואָלט זען, וויאַזוי מע וועט פאַרברענען די קישעפמאַכערן.

אַ פוילע שקאַפּע האָט געשלעפּט דעם וואָגן, אַף וועלכן עליזע איז געזעסן. מע האָט אַף איר אָנגעטאָן אַ קיטל פון גראָבן לײַוונט. אירע פּרעכטיקע לאַנגע האָר זײַנען געווען צעלאָזן איבער אירע אַקסלען. אירע באַקן זײַנען געווען בלייך, ווי די וואַנט. די ליפּן האָבן געפליסטערט שטיל, און די פינגער האָבן ניט אַרויסגעלאָזן דעם גרינעם פלאַקס. אפילו אַפן וועג צום טויט האָט זי זיך ניט צעשיידט מיט איר אַרבעט, צען העמדלעך זײַנען געלעגן לעם אירע פיס, און דאָס עלפטע האָט זי נאָך געשטריקט.

דער האַמוין האָט נאָכגעקוקט און איר נאָכגעשריִען:

— קוקט זי נאָר אָן, די קישעפמאַכערן, ווי זי מאַכט מיט די ליפּן! לאָמיר אַרויסרײַסן בײַ איר דעם מיִעסן קישעף פון די הענט און עס צעפּליקן אַף שטיק־שטיקלעך.

און מע שטופּט זיך שוין צום וואָגן, מע ווילן באַ איר די העמדלעך צעפּליקן, אָבער דאָ זײַנען געקומען צו פליִען עלף ווילדע שוואַנען און האָבן זיך ארומגעזעצט ארום־און־ארום דעם וואָגן, און האָבן גענומען פּאַטשן מיט זייערע גרויסע פליגל, האָבן זיך אלע דערשראָקן און זיך גענומען אָפּרוקן אָן א זײַט.

— די ווײַסע שוואַנען זײַנען אראָפּגעפלויגן פון הימל! זי איז זיכער אומשולדיק, — האָבן פיל מענטשן געשעפּטשעט צו זיך אליין. אָבער זיי האָבן זיך ניט דערוועגט עס ארויסזאָגן הויך אפּ א קאָל.

איצט האָט שוין דער טאליען געהאט אָנגעכאַפּט עליזען פאַר דער האַנט, אָבער זי האָט מיט גרויס אימפּעט געכאַפּט און אָנגעהויבן ארופּ־וואַרפן אַפּ די שוואַנען די עלף העמדלעך, און אלע האָבן מיטאַמאָל דער־זען פאַר זיך עלף שיינע פּרינצן. בלויז באַם סאַמע קלענסטן איז געבליבן איין שוואַנען־פליגל אָנשטאָט א האַנט, וואָרעם אינעם עלפטן העמדל האָט געפעלט אַן ארבל, זי האָט עס ניט באַוויזן פאַרטיק מאַכן.

— איצט מעג איך שוין ריידן, — האָט געזאָגט עליזע. — איך בין אין גאַרנישט ניט שולדיק.

און דאָס פאָלק, וואָס האָט דאָס אלץ געזען, האָט זיך פאַרנייגט פאַר איר. און אלע האָבן זי גענומען רימען. אָבער זי איז אין אָנמאַכט גע־פאַלן צו די ברידער אין די אָרעמס אַרײַן. דאָס האָבן אַפּ איר אַזוי גע־ווירקט די צאָרעס, די אנגסטן און די שרעק.

— יאָ, זי איז אין קיין זאַך ניט שולדיק, — האָט זיך דער עלטסטער ברודער אָנגערופן. און אין דער צײַט פון זײַן ריידן האָבן זיך אין דער לופט צעלאָזן רייכעס, גלײַך ווי מיליאָנען רויזן וואָלטן דאָ געוועזן ארום. דאָס האָט יעדעס שײַטל־האָלץ אינעם שײַטער־הויפן געשלאָגן וואָרצלען און געלאָזן פון זיך צווײַגן, און אַפּ דעם אָרט, ווו מע האָט געוואָלט גע־וועגן פאַרברענען עליזען, איז אויסגעוואַקסן א הויכער גרינער קוסטן־בוים, באַדעקט מיט רויטע רויזן. און אויבן סאַמע שפּיץ פונעם בוים האָט געשימערירט א בלענדנד ווײַסע בלום, וואָס האָט געלויכטן, ווי א שטערן. די דאָזיקע בלום האָט דער קעניג אראָפּגעריסן און זי צוגעפּאַסט צו עליזעס ברוסט, און עליזע האָט זיך אויפגעוואַכט מיט פרידן און גליק אין האַרצן.

דאָ האָבן אלע גלעקער אין שטאָט פון זיך זעלבסט זיך צעקלונגען.

פויגלען זײַנען זיך צונויפגעפלויגן אהער גאנצע שארעסווײַז, און צום פאלאץ האָט זיך גענומען ציִען אזאַ מין גליקלעכער כאסענע־צוג, וואָס נאָך אזוינעם האָט קיין שום קעניג, זינט די וועלט שטייט, נאָך קיינמאָל ניט געזען.



# אינהאלט



---

געמעלנ פונ קינסטלער — ה. ליטווינענקאָ.

רעדאַקטאָר — ר. באַליאַסנע.
טעכנישער אָנפירער — ש. בריק.
קאָררעקטאָרנ — ב. שוכמאַנ אונ ס. שעכטמאַנ.

*

פּאַפּיר 70X92 — 1/16 — 42 קג. 8,75
דרוקבויגנ. 5,6 דיסקאַנט־אויטאָר־בויגנ.
טיראַזש 2500 עקז. פאַרלאַג־נומ. 586.
באַפולמ. פונ הויפּטליט נומ. 7041.
באַשט. נומ. 1916. שטאַטליט נומ. 1294.
נקמפ אוססר, 11־טע דרוקעריי אויפּס,
בערדיטשעוו. אָפּגעגעבנ אינ זאַצ
23/IV—1940. אונטערגעשריבנ צום דרוק
31/V—1940 י.

